# איסט בראָדוויי

זאמעלבוך.

אויסגאבע :

„פון מענש צו מענש“.

רעדאקציאָן :

מ. ל. האלפערן און מנחם.

ליטעראַרישער פערלאַג, ניו־יאָרק.

 .1916

# מ נ ח ם

## איסט בראָדוויי

(שטריכען)

ביי די טישלעך אין ליטעראַרישען קאַפע, שפּיעלט זיך אָב אַ פיעלפאַרביגער ראָמאַן.

שריפטשטעלער, דיכטער און פערשידענע אינטריגען, בעווע־גונגען און לאַזונגען — דאָס זענען בלויז ערשיינונגען פון אַ לעבען, וואָס ענטוויקעלט זיך, פון אַ קונסט, וואָס וואַקסט.

אפשר האָבען נאָך נישט די איינצעלנע פיגורען די בעדייטונג פון זעלבסטשטענדיגע געשעהענישען, אָבער דאָס גאַנצע מיט אַמאָל איז דאָס אינטערעסאַנטסע, וואָס קען זיך פאַר די אויגען עפענען.

און דאָס לעבעדיגסטע אין טומעל — איז אָהן צווייפעל, יענער ווינקעל, פון וועלכען עס טומלען ארוים די יונגערע, די נישט־פער־שטענדליכע און אבשרעקענדיגע.

וועל איך צופיהרען דעם ראָמאַניסט צו עטליכע טישלעך אין קאַפע־הויז און זאָל ער זיך צוקוקען צו די מענשען, וואָס זיצען ביי די גלעזלעך קאַווע. ער וועט זיך דערוויסען וועגען זייער הײם און אבשטאַמונג, וועגען זייער אונרוהע און זוכען. ער וועט זיך צוקוקען צו דער סביבה ארום זיי — און צו די, מיט וועלכע זיי ראַנגלען זיך און זוכען זיי איבערצושרייען, און זאָל ער עס דערנאָך ברייטער דער־צעהלען.

נאַטירליך, אָהן די נעמען. מעג זיך דער ליטעראַטור־היסטאָרי־קער שפּעטער אין די נעמען פונאַנדערקלייבען. דעם ראָמאַניסט אינ־טערעסירען זיי נישט. ווי גוט זיי זאָלען נישט זיין בעקאַנט אויף די בלעטער פון די זשורנאַלען, וועלען זיי דאָך פאַר איהם נישט זיין נענוג וואוילקלינגענד. דאָס איז זיין זאַך.

## דער קרייז.

זעהסטו דאַ איינעם אין ווינקעל נעבען וואַנד? נישט צופעליג זיצט ער דאָרט. דאָס איז זיין פּלאַץ — דער ווינקעל פון ווינקעל. פון דאָרט קען מען בעסער זעהן, מעהר שווייגען און דאָס ריכטיגע וואָרט צו דער צייט ריכטיגער אריינוואַרפען.

זעלטענע ווערטער פון ווינקעל געוואָרפענע, זענען אָפט ביטע־רע ווערטער, מיינסטו? קען זיין. אָבער די ביטערקייט איז זיין איי־גענטום.

קענסט דערצעהלען:

אין די וועלדלעך, וואָס אַרום די אידישע שטעדט אין רוסלאַנד, אין די בעהאַלטענע הייזער, וואו עס זענען די געהיימע פערזאַמלונ־גען פאָרגעקומען, האָט זיך אַמאָל אַ יונגערמאַן ארומגעטראָגען, וואָס זיין בליציג און גלויביג וואָרט האָט געמאַכט זיין נאָמען פאַר אַ לע־גענדע. אמת — נישט פיעל האָט מען דעמאָלט געדאַרפט אַ לעגענ־דע צו ווערען. די מורא פאַר'ן קאָזאַק און זשאַנדאַרם, די בעהעל־טעניש און ציטערניש פון צוהערער, וואָס האָט אַליין פערמאָגט נאָך וועניגער ווי וועניג, — דאָס אַלץ האָט יעדער היציג וואָרט מיט צוי־בער בעפליגעלט.

און נאָך מעהר. ער וועט נישט בלייבען קיין טרייער אַנהענגער פון איין פּראָגראַם. צופיעל היציגער גלויבען ברענגט צום צווייפעל. וואַרפט ער אַוועק איין פּאַרטיי און געהט צו אַנ'אַנדערער. שילט היינט דאָס, וואָס ער האָט נעכטען געבענשט — דאָס איז נישט קיין באַריקאַדענפלייש, דאָס איז אַ מענש!

אָבער איין גלויבען נאָכ'ן אַנדערען פרעסט אויף דער צווייפעל, ביז עס קומט דער גרויסער קלאַפּ. עס ווערט צושמעטערט דער גרונד פון גלויבען, און דאַ — און דאַ האָסטו פאַר זיך די איבערלעבונגען פון אַ גאַנצען דור.

עס איז געוועזן אַמאָל אַ יוגענד, וואָס איהר גלויבען האָט זי, ביז אַ מדרגה פון מאַרטירער דערהויבען. איז דער קלאַפּ געקומען, האָט זי פון דער הויכקייט אַראָבגעשליידערט, אויף פּיצלעך צעוואָרפען, — און אַט געהט זי ערשט אַרום און קלייבט די ברעקלעך פון איהר אייגענעם איך. פון אָרט צו אָרט וואַרפט זי זיך, כדי זיך צוריק צו

געפינען, אבער אומעטום זענען נישט מעהר, ווי ברעקלעך פון איהר פערבליבען.

וואנדערט איבער א מענש דעם ים, בעהאלט זיך אין זיין ווינ־קעל און גריבעלט זיך אין דער משונה'דיגער הנאה, וואס די שטעך פון'ם גיפטיגען וויסען פערשאפען. ביז דער אבגענארטער געזעל־שאפטליכער אדער הויבט אן צוריק צו קלאפען — און עס ווילט זיך דעם ווינקעל אין אייגענעם הויז פערבייטען אויף א פעררוקטען ווינ־קעל ערגעץ צווישען מענשען.

און די מענשען געפינען זיך. דאס איז א דור יונגע שרייבער און דיכטער. זיי אליין פערמאגען נאר דעם פונק, וואס דער רבש"ע האט זיי געגעבען, אדער בלויז דעם גלויבען אין דעם פונק. מענשען, פון אנ'אלטער שטילער וועלט ארייגעווארפענע אין דעם קעסעל פון דער שטיינערנער שטאדט, דערשלאגענע און צאפעלדיגע — לעבען זיי אויפ'ן חשבון פון די אבגעריסענע זכרונות, וועלכע זיי האבען מיט זיך געבראכט, און די ציטערדיגע חלומות, וועלכע הויבען זיך אן וועבען אין זיי אין זייער נייער וועלט.

און דא דערשפירען זיי א מענשען, וואס האט א געשיכטע הינ־טער זיך און א קוואל פון ביטערען, אבער רייכען וויסען אין זיך. און ווייל ער שווייגט, איז ער זיי נאך נעהענטער — עפעס דונקעלעס ליגט אין דעם. און ווייל זיי שפירען דעם אינוועניגסטען ציטער אין איהם, ווערט ער זיי נאך אייגענער — זיי אליין זענען אויך פערצי־טערטע. און ווייל זיי פיהלען, ווי ער יאגט זיך נאך די ברעקלעך און שאטענס פון זיינע פערגאנגענע חלומות — ווערט ער זיי נאך פער־שטענדליכער.

לאזט מען זיך דעם מענשען פעררוקען אין א ווינקעל און מען זאמעלט זיך נעבען איהם, הערט מען זיך צו. ווערט ער שווייגענדיגער הייד — דער טאן־געבער, ווערט ער נישט ווילענדיג — דער פיה־רער.

אלץ האט זיך איבערגעקעהרט. דאס, וואס האט אמאל געוואלט פליהען אין הימעל, זוכט אצינד, פון נקמה אין זיך אליין, צו פויזען איבער דער ערד. דאס אויג, וואס האט געזעהען ברייט און גרויס— זוכט איצט קליינינקייטען, קליינליכקייטען. און דאס מויל, וואס האט אמאל געערדט אזוי, אז די שטימע זאל איבער'ן גאנצען וואלד אב־

קלינגנען — דאָס מויל רעדט ערשט צו שטיל, צופיעל צניעות'דיג, איבערגעטריבען, אוננאַטירליך, ווייל מיט גאַל אַנגעזאָפּט. און עס שטעקען זיך אָן דערמיט די, וואָס קוקען איהם אין די אויגען.

זיי אליין פערמאָגען אויך ביטערניש. די רוישיגע גאַס, וואָס איז בעהערשט פון צייטונגען און טומלער, קוקט זיך נישט אום אויף זיי, די שטילע דיכטער. זיי זענען אויך ווינקעלדיגע. און אלץ, וואָס איז אייגען איהם, דעם מענשען, וואָס טהוט עס בעוואוסטזיניג, ווערט אויף זייער אַרט און גאַנג, און דאָס צובראָכענע און פערצאַפּעלטע, הילפלאָזע און פויזענדיגע, דאָס איבערטריבען־וואָכעדיגע און צור־להכעיס־ניכטערע — דאָס אלץ ווערט דער גרונד, דער הויפּט־מאָטיוו פון זייער שאַפען.

## געשטאַלטען.

נאַטירליך, איז דאָס נישט נאָר דאָס אלגעמיין־אויסערליכע פון דער סביבה אין דער לופט, וואָס מאַכט מענשען צו ווערען נאָהענט. עס איז אויך דאָס אייגענע, וואָס לעבט אין מענשען פון געבוירען טאָג אָן. אָבער אויך דאָס אינדיווידועלע איז אונזערס. עס איז די ירושה פון דורות, פון דער ערד, אויף וועלכער מען איז געבוירען, פון די וואַנדערונגען און פּלאָגענישען. און נעהמסטו איינצעלנע געשטאַל־טען — ווער זענען זיי אויב נישט ערשיינונגען פון אונזער פערגאַנ־גענהייט און צוקונפט?

נעהם דעם ערשטען: הער, ווי ער רעדט — און עס וועט זיך דיר דאַכטען, אז עס פּאַלען אויפ'ן טיש פערעלטערטע, צעוויייכטע פלוי־מען. אַזוי איז יעדער געראַנק, יעדער זאַץ פון איהם. פּיהלסט, אז אינווענדיג ערגעץ ליגט אַ האַרטער יאָדער, אָבער פון דרויסען איז עס אַזוי ווייך־פלייטיג, אז עס ווילט זיך נישט דערצו צוריהרען. און עס כאַפּט דיר אָן אַ כעס דערפאַר, וואָס מען דערלאַנגט דיר אַזוי פיעל פוילע פלוימען אַנשטאַט געזונטע יאָדערן.

גערענקסט דאָך אודאי דאָס ליעדעל פון דער „באבע יאכנע“ וועגען דעם אייניקעל וואָס נעהט אַרום מיט זיין גבאי און מאָהנט דאָס, וואָס איהם קומט דערפאַר, ווייל זיין זיידע איז אַ גוטער איד געווען.

דאָס איז אויך אַ אייניקעל.

שטעל זיך פאר דעם זיידען זיינעם. זאל ער זיין א געזונטער איד, אבער א בלייכער, מיט דער בלייכקייט פון דער פראפעסיע אויפ'ן פנים. די פראפעסיע איז — הייליגקייט. דורות גאנצע, ווי די הייליגקייט איז אין א פאזע פערוואנדעלט געווארען. אזוי בענשט מען, אזוי רעדט מען, אזוי נעהמט מען צו דאס צעטעל מיט די ח"י רענדלעך אדער גראשענס מיט פערגלייזטע אויגען. און אויב דער מענש איז געזונד געגונג, מוז געבוירען ווערען דער ציניזם, מיט וועלכען די פראפעסיע, די הייליגקייט, ווערט בעהאנדעלט.

קען זיין, אז ערגעץ הינטער די קוליסען פערוואלגערט זיך א רעשטעל פון אמת'ער גאטס-פארכטיגקייט. אבער דער גוטער איד האט נישט קיין צייט הינטער די קוליסען לאנג צו פערבלייבען: אויף דער סצענע ווארטען די פדיונות.

איז געקומען אן אייניקעל, א נייער מענש, וועלכער האט פאר זיין לעבענס-פראפעסיע געמאכט נישט דעם אידישען גלויבען, נאר די אידישע דיכטונג. דער נייער מענש מיט'ן בלאען בלוט איז קלוג: ער ווייס, אז ציניזם מיט פערגלאצטע אויגען איז דא קיין גאנגבאר ארטיקעל נישט. און ער קאקעטירט מיט דעם ציניזם אליין, מיט די פוילע פלוימען, וואס פאלען אויפ'ן טיש.

אין דער נייער וועלט איז עס אריגינעל. אבער דו זעהסט דאך דעם זיידען, און דו ווייסט דאך, ווער דאס אייניקעל איז: דאס איז דאס קרענקליכע לעצטע קינד פון א פיינעם שטאנד, דאס איז אונזער דעגענעראציע.

גוטמוטיג דארף מען איהם בעהאנדלען און פיין, מיט א שמייכעל, מיט א ביסעל הארץ. טיעף הינטער דעם ציניזם ליגט דאך עפעס — און דער מענש איז נישט שולדיג, וואס די זיידעס האבען זיך אבגעוואהנט אריינצוגעהן הינטער די קוליסען. וויפיעל געהען זיי אום אויף אונזער גאס, די, וואס טראגען אין זיך די קללה פון דורות: די מוזט בלייבען א ציניקער! אונשולדיג טראגען זיי עס, און קוקסטו אויף זיי, מוזטו זיך דערמאהנען דעם טראגישען „מענשען, וואס לאכט". דאס זענען דאך אונזערע „מענשען, וואס לאכען".

און ווילסטו זעהן דעם היפוך פון דעם — געה צום צווייטען, צו דעם, וואס איז בעשטימט צו ווערען דער ליעבהאבער פון דיין ראכיאל.

קוק זיך צו: גראָהע, עטוואָס היסטעריש־פערנעבעלטע אויגען. שמאָלע אקסעל, וואָס רעגען זיך און דריקען זיך צוזאמען. ברוינע הויט פון פנים און הענד — און עס דאכט: עס פלאמט שטענדיג די הויט פון אינערליכער היץ.

קומען קומט ער פון דאָרט, וואו עס פליסען כמעט אונבעוועגליך די געלבליכע וואסערען פון דניעפּר, וואו די וועלדער, געדיכטע און אלטע, זעהען אויס, ווי פייכט פון זייער טונקעלקייט, וואו איבער די גרינע בערגלעך ביים וואסער ליגען צעווארפען די בלוטיגע שטעדט־לעך מיט די ווייסע הייזער.

זעץ דיך צו צו איהם: ער איז רעדעוודיג — און ער וועט דיר דערצעהלען, ווי עס האָט זיך אין אוקראינא־שטעדטעל אין זיין טאַ־טענס שטוב אויסגעהאָדעוועט דאָס קאפּריזנע דיכטער־יונגעל. רעד מיט איהם—און עס וועט זיך דיר פערבענקען צו זיינע אוקראינישע פעלדער.

וועט דיר דאכטען: אַט נעהמסטו דעם פער׳חלום׳טען בחור מיט די גראָהע אויגען און דו געהסט ארוים מיט איהם אויפ׳ן פעלד, אויפ׳ן וועג אַרוים. דאָרטען דערצעהלט ער דיר זיינע יונגעלש־מיסטישע חלומות. דער אומעט פון די ליעדער, וואָס „באטקא טאַ־ראָס“ האָט געזונגען, און די נאָאיווע צויבער פון די מכשפות, וועגען וועלכע גאָגאָל האָט דערצעהלט, און דער מעלאָדראמאטישער וועלט־שמערץ פון קאָטלאָרעווסקי׳ס אָפּערעטען — דאָס אַלץ הערס־טו אין זיין דערצעהלען.

אָבער דאָ איז אָ שווערע, קאַלטע שטאָדט, און ווען ער דער־צעהלט עס דיר — זענען עס אָבגעריסענע שטיקער זכרונות. ער ווייס נישט, אז ער בענקט אָ היים, אז ער איז נישט פון דאנען. עס איז איהם דאָ שלעכט — און ער ראנגעלט זיך, איינגע׳עקשנ׳ט, ווי אָ אינגעל, ווי אָ קינד. ווערט היסטעריש פון ראנגלען זיך, צינדט זיך שטענדיג אין איין פיבערהאָפטען ברענען — און די גראָהע אויגען ווערען פערנעבעלטער, אונרוהיגער, בייזער.

ווי ראָמאַנטיש ער קוקט אויס פאר אַלע די, וואָס זענען ארום איהם! מיידלעך פערליעבען זיך. בחורים קוקען מיט פערגלאָצטע אויגען, אלטע ווארימען זייערע קאלטע הערצער נעבען זיין פיבער, מענשען מיט פרעטענזיעס אויף גרויסקייט בעגעהען זיך מיט איהם

אזוי, ווי זיי זאלען אט באלד נעהמען דאס שעהנע עקזאטישע געוויקס און זיך אין לאז אריינשטעקען.

אומעטיג, וואס? אבער דאס איז דאך דאס קאפיטעל „אמע־ריקא“, אזוי ווי עס לייענט זיך אויף די פנים׳ער פון ראמאנטישע און זייד געשפינטע, וועלכע ווערען אהער אריינגעווארפען. ערגעץ דארטען, וואו די שלאנקע טאפאלען ציהען זיך אונגעשטערט ארויף, וואלטען אויף די שמאלע אקסעל פון ראמאנטישען בחור געקענט זיין גלייך, און די אויגען — טיעף. אבער דא ווערט עס א עקזאטיש געוויקס. ווי אינטערעסאנט עס איז, ווען צווישען אונזער אייזערנעם געטומעל און די רויטע ציגעל־ווענד געהט ארום אזא מאדערנע בעשעפעניש. און מען לאזט זיך איהם פרעגלען אין דער אייגענער היסטערישקייט — און מען האט הנאה דערפון.

פערפאלען! אזוי מוז זיין דיין ליעבהאבער אין ראמאן פון איסט־בראדוויי.

אבער ווייטער.

צו דעם בלייכען מיט דעם ראסאווען פנים פון אנ׳אלטען דיין און מיט די פייכטע אויגען, פון וועלכע עס קוקט ארויס די שטילע חכמה. ער איז אזוי ווייך, און גוט — דאכט זיך דיר אלץ — ער האט א גראה בערדעל, שטעהט און רייבט זיך די הענד. אידען, וואס דאוו־נען מיט איהם אין איין בית־המדרש, ווערלען זאגען, אז ער איז א בקי. מען וועט איהם אמאל א שעהנע עליה איינטיילען, און אזוי שטיל, ביי א שראנק ספרים וועט א איד אבלעבען זיין לעבען.

דא, נאטירליך, איז עס אנדערש. עס איז יונגער און אונרוהיג. און די היימישע ווייבע גאס איז פערוואנדעלט אין א הארטער, מיט שטיין ברוקירטער. מענשען האבען די ווייכקייט פון די אויגען פער־לארען. הארט, אונדערבארעמדיג קוקען זייערע אויגען אויף דער אונ־רוהיגער שטילקייט פון די פערבענקטע. מיין גאט! אזוי קאלט איז דא! און אזוי בלאנדזשעט א שטילער מענש.

ווערסט זעהן ווייטער איינעם, וואס האט א טבע זיך אוועקצו־שטעלען ביים טישעל, שטעהען א ווײלע און אוועקגעהן. דאס פנים איז ערנסט, ווי ער זאל אייביג ארומטראגען די גרויסע אידעע וועגען דער ערלעזונג. שטעלט ער זיך אוועק אזוי ווי פון אנ׳אנדער העבערער וועלט אראבגעקומען א קוק טהאן, וואס הערט זיך אויף

דער זינדיגער ערד. ווייל ער טראגט די פליכט און ער מוז אכטונג געבען אויף אלץ, וואס טהוט זיך. האלט ער פאר נויטיג עמיצען פון צייט צו צייט די האנד ארויפצולעגען אויפ'ן אקסעל און עפּעס א זאג טהאן, זעהר ערנסט און שווער. ווערט אונאנגענעהם יענעם, וואס דערפיהלט זיין האנד אויפ'ן אקסעל, ענטפערט ער איהם עפּעס אונטער'ן נאז. דערשפּירט ער, אז עס איז עפּעס נישט דאס: יענע, וואס דארפען זיין אונטער'ן שוץ פון זיינע פליגעל, קוקען זיך נישט אום. ווערט איהם קאלאמוטנע, זאגט ער אב עטליכע בלייכע ווער־טער, וואס טרעפען אן א זייט און געהט אוועק מיט דעם ערנסט פון דער גרויסער אידעע, אזוי ווי צוריק צו זיך אין דער הויכער וועלט אריין. ביז אויף מאָרגען, ווען ער קומט ווידער עמיצען די האנד אויפ'ן אקסעל ארויפלעגען.

דאן, ראמאניסט, ווערסטו זעהן עטליכע ל"ו־ניקעס. זיי געהען אום, ווי אט אט וועלען זיי זיך ענטפלעקען און דא וועט מען זיך ערשט דערוויסען, וועמען די זינדיגע שטיינער פון דער גאס האבען אויף זיך געטראגען. ווערסט זעהן עטליכע דיכטער, וואס טראגען שטיל און בעשיידען זייער בערוף: איינע מיט מעהר אויפריכטיגער, איי־נע מיט מעהר געקינסטעלטער בעשיידענקייט. ווערסט זעהן עטליכע נישט־דערגאנגענע, וואס די בעליידיגונג אויף דער וועלט איז ביי זיי אויפ'ן פנים פערגליווערט געוואָרען. ווערסט זעהן — —

אבער גענוג! ווי פערשידען די מענשען זאָלען נישט זיין — זעהסטו איינס אין זיי. דאס זענען פערבלאָנדזשעטע.

פערבלאָנדזשעטע טאפּען אויף די וועגען. זוכען זיך ארום אין דער נייער וועלט, וואס איז זיי נאך נישט אייגען געוואָרען, זוכען און פּלאָנטערן זיך און כאפּען זיך אן ביי יעדען שטיין און יעדען דאָרן, וואס קען דעם וועג ווייזען.

„קינדערלעך מיט בלינדע אויגען זוכען די לבנה".

### פ ע ר ז ע נ ל י כ ק י י ט.

זיך אליין זוכט מען ארום אין דער פרעמדער וועלט — און אפטער ווי אלע אנדערע ווערסטו הערען צווישען זיי דאס וואָרט „פערזענליכקייט".

ביסט אליין אמאל אויף געגאנגען איבער די נעבעלדיגע וועגען,

וואו דו האָסט געזוכט דעם איינצעלנעם מענשען, יענע וואונדער־בארע בעשעפעניש, וואָס טראגט אין זיך די נישט־ענטפּלעקטע סודות פון דער אונבעגרייפליכער וועלט. אויב דו געדענקסט, איז דאָס ביי אונז געוואָרען שיער אַ נאַציאָנאלע בעוועגונג.

קענסט זיך דערמאָהנען אפילו די טעאָריע וועגען דעם: די גע־טא, וואָס האָט געהאַט אַ פערשלאָסענעם טויער און ענגע ווענד, האָט אונז אלעמען צונויפגעדריקט, נעצוואונגען מיט איין לופט צו אטהע־מען און מיר זענען געוואָרען די געזעלשאַפטליכסטע חיות פון דער וועלט.

און וויל מען זיך איצט בעפרייען, — מוז מען זיך בעפרייען קדם כל פון יענע געמיינזאַם־געזעלשאַפטליכע אינסטינקטען און בע־גריפען און זיך אומקעהרען צו דער סטיכישער פרייהייט פון איינ־צעלנעם.

געדענקסט די קרומע וועגען, אויף וועלכע מען איז דעמאָלט פערקראָכען, זוכענדיג די פרייהייט פון איינצעלנעם. עס איז אריינ־געפאלען אין די הענד פון סטודענטען, און זיי האָבען די פרייהייט פון דער פערזענליכקייט אריינגעפיהרט אין די שענקלעך, אין די נישט אויפגערוימטע צימערן, צו די שלעכט־פערבעטע געלעגערס, און מען האָט זי אין שלעכטען ביער פערטרונקען.

גאָט צו דאנקען! עס איז שוין לאנג אוועק. און מען האָט פער־געסען דעם שלעכטען טעם אין מויל, וואָס די צווייטע השכלה האָט איבערגעלאָזען.

דאָ אָבער, אין דעם לאנד, וואָס איז נאָך אלץ געבליבען אַ קאָ־לאָניע פון דער אלטער וועלט, קומען אַן די מאָדעס אביסעל פער־שפּעטיגט, ווי אין אַ קאָלאָניע אריין. און די מענשען, וואָס דרעהען זיך ארום אויף איסט־בראָדוויי קומען פון אָבגעשטאָנענע שטעדט־לעך, זיי געהען מיט די וועגען פון פאָרטגעשריטענקייט, ווי מען געהט מיט די וועגען אין זייער היימישען שטעדטעל.

און נאָך וואָס. דער אלטער שונא, דער געזעלשאַפטליכער אינס־טינקט, האָט זיך דאָ ווידער איבער דער גאָס פערשפּרייט — און מיט אַ שלעכטען גערוך. אנשטאַט דער רעליגיעזער געזעלשאַפט־ליכקייט פון געטאָ, — האָט זיך דאָ פערשפּרייט די ביליגע געזעל־שאַפטליכקייט פון יוניאָנס און לאָקאלס. אנשטאַט דער הערשאַפט

פון דער גאָטספאַרכטיגער קהילה, האָט זיך דאָ פערשפרייט די הער־שאַפט פון המון, וואָס איז נישט ווענינער גאָטספאַרכטיג אויפ'ן לינ־קען זייט, און גיט זיין טאָן אלע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען. דאָס איז דער טאָן פון פויק און טרומייט, פון הייזעריגען וואָגען־רעדנער און גאַסען־פּאָליטיקער. אזא „געזעלשאַפטליכקייט" מוז מאַכען, אז מען זאָל נאָז און אויערן פערשטעקען, בעהאַלטען אין אַ ווינקעל און גריבלען זיך אין זיך. אזא „געזעלשאַפטליכקייט" מוז פעריאָגען פון זיך, און ווען עס קומט אָן די אָבגענוצטע אייראָפּעאישע מאָדע, כאַפּט מען זיך אָן אין איהר און מען געהט זוכען דעם איינצעלנעם.

דאָס איז די געשיכטע פון דער „פּערזענליכקייט". אָבער אין וואָס איז זי פערוואַנדעלט געוואָרען אויף דער גאַס?

קום, געה נאָך די אלע זוכער פון קאָפּע־הויז צו זיי אַ היים — און דו וועסט עס זעהן.

מענשען מיט דירות, וואָס האָבען דאָפּעלטע בעטען, קינדער־וויגעלעך און קוימענס, מוזען זיי פיהרען דאָס רויהע גראָהע לעבען פון דער געשמאַקלאָזער מאַסע. שטעהען אויף אין דער פריה, טהוען אָן די ארבייטס־קליידער, לאָזען זיך מיט דעם טראַמוויי, מיט דער אונטערערד־באַהן, מיט דער לופט־באַהן צו די פּלעצער פון זייער ארבייט. קומען אריין אהין צוזאַמען מיט דעם שטראָם פון הונדער־טער טויזענדער, וואָס מאַכט נעדיכט די גאַסען בעגינען, און נעהען אוועק צוריק פאַרנאַכט צוזאַמען מיט דעם זעלבען גראָען שטראָם. וואַשען די הענד אין דער היים און טהוען זיך איבער. עסען די היי־מישע וועטשערע און האַלטען די קינדער אויפ'ן שויס. הערען אויס די טענות פון ווייב וועגען דער שכנה'ס קינדער, וואָס האָבען זיך מיט איהרע צושלאָגען, וועגען דעם, אז די זופּ איז צונעברענט און אז דער בעל־הבית איז געקומען פאַר דער דירה מאַהנען. זענען מיעד בשעת „ביזי" און נאָך מעהר מיעד, ווען עס איז „סלעק". אזוי טאָג נאָך טאָג, אזוי וואָך נאָך וואָך.

קום און לערען דיך אויס ביי אזא ברוטאַלער אונדערבאַרעמדי־גער וואָכעדיגקייט אויפצוזוכען אין זיך יענע טיעפסטע שפורען פון פּערזענליכקייט, יענע בעהאַלטענע פעדים, וואָס פערבינדען דעם מענשען מיט'ן סוד פון דער וועלט!

פון די היימישע שטעדטלעך מיט שטיקלעך זכרונות געקומע־

נע, פון די הארטע שטיינער און רעדער מיט שטיקער חלומות צו־מאהלענע — ווען קענען זיי מיט די פעדים פון סודות'דיגען די אלע שטיקער צונויפבינדען, ווען קענען זיי פון זייער „איך“ א בנין בוי־ען? אז מעהר, ווי צוריסענע פעדים איז נישטא, און דער אומעט, וואס האט אמאל מיט ברייטקייט פון פעלדער געשמעקט, ווערט איצט אנגעזאפט מיט'ן געוויין פון קינד, וואס האט צוריסענע שיכ־לעך און מיט'ן קלאפען פון דער ווייב'ס פאנטאפעל איבער'ן דיל. ווערט ד א ס ידער אומעט, ווערט ד א ס דער וועלט־שמערץ, און קומען אמאל יום־טוב'דיגע חלומות, האבען זיי נישט וואו אי־בערצונעכטיגען, און מען איז געצוואונגען זיי פון זיך זיבעלעך ארויסצעוואַרפען, קריפעלס נישט דערוואקסענע.

אבער די שאטענס פון דער גראהער וואכעדיגקייט בלייבען דאך דער איינציגער אויסדרוק פון יענער געזוכטער „פערזענליכ־קייט“. דאס איז עס, וואס זי האט געגעבען. אזוי איז עס ביכעל נאך ביכעל, אזוי איז עס ביי יעדען איינעם, און עס ווערט פערגעסען דאס געטליכע, וואס ווערט אין איינצעלנעם געזוכט, דער פסוק ווערט איבערגעדרעהט און עס קומט ארויס: פערזענליכקייט — דאס איז וואכעדיגקייט, זיבעלעך, קריפעלס.

נעהם און מאך א טרויעריגען, אבער הארציגען שפאס. זאל אין דיין ראמאן קומען דער אויסגעבענקטער מעצענאט. ער וועט אוועק־נעהמען איינעם פון די זוכער, וועט זיין ווייב און קינד בעזאר־גען, וועט איהם פון דער ארבייט בעפרייען און לאזען ארומגעהן שלינג און שלאנג איבער די גאסען. גארנישט טהוענדיג. און דער דיכטער, וואס וועט זיך בעפרייען, וועט ביסלעכווייז נעהמען געפי־נען דעם געזוכטען „איך“. עס וועלען זיך צונויפקלעפען די צובראכע־נע שטיקער, עס וועט זיך טיעפער ארייננדרינגען צו יענעם פערבאר־גענעם קוואל, פון וועלכען די סודות קומען ארויס. פון דארטען וועל־לען זיך ארויסציהען די פעדים, וואס פערבינדען דאס טיעפסטע אין ־יכטער מיט אלץ, וואס ארום איהם טהוט זיך. ער וועט געפינען זיין אינערליכסטען צוזאמענבונד אפילו מיט דער ארדינערער מא־סע. ביסלעכווייז וועט זיך צונויפקניפען א ווערק, וואס וועט זיין אי געזעלשאפטליך, אי אינדיווידועל, אי טראדיציאנעל, אי פריי— עס וועט זיין אלץ. ווייל עס וועט זיין מענשליך. ווייל עס וועט זיין

ווירקליך פערזענליך. און דעמאלט וועלען זיך מיט אמאל איבער־קעהרען אלע בעגריפען וועגען דעם, וואס הייסט „פערזענליכקייט“ — ווייל עס וועט נישט זיין צוליעב וואס תירוצים צו זוכען, און די אלע זאכען וועט מען רופען ביי זייערע נעמען.

אבער דער מעצענאט קומט נישט — און עס איז אומעטיג.

## א י י ר א פ ע ר.

אין צייטען, ווען עס איז געוועזען זעהר אומעטיג, האט מען זיך אמאל פערבענקט א היים.

נישט צו דעם אייגענעם שטעדטעל, נאר אהין, פון וואנען מען האט די יניקה געצויגען. דארטען איז שטילער אויף דער גאס, פרו־מער די מענשען, אויפריכטיגער און אמת'דיגער. צוגעבונדען צו דער ערד, איז מען זיכערער, בלאנדזשעט מען נישט אזוי, און מען בויט דאס נייע לעבען.

דארט, איז די היים געוועזען, און יעדעסווארט, וואס איז פון דארטען געקומען, האט דעם ערנסט געטראגען און איז מיט ערנסט געווארען אויפגענומען. מען האט אפשר קריטיקירט, מיט דער נאז צומאלס געדרעהט, אבער מען האט געגלויבט אין דעם ווארט, וואס קומט פון דער היים, און אין יענע וואס האבען דאס ווארט צו זאגען.

האט אבער דער ים געגומען איינעם נאכ'ן אנדערען אריבער־ברענגען אהער יענע, פון וועלכע מען האט פריהער נאר דאס ווארט געהערט. זיי זענען אריינגעפאלען אין דער שטאדט, וואו די הייזער רייסען זיך מיט גוואלד אין די וואלקענס אריין. דערזעהען די אומגעלומפערטע אנאנסען אויף די ווענד פון די הייזער, אין די וואגאנען. דערזעהען דעם גוואלד־געשריי פון די צייטונגען, דערהערט די הילכעדיגע טרומייטערס און פויקען פון דער „פרייהייט“. פער־קוקט זיך אויף יעדען גאס־רעדנער, וואס רייסט זיך אלעמען ארי־בערצושרייען און זענען אנגעשטעקט געווארען מיט „אדווערטייז־מענט“, וואס האט זיך דא אין דער לופט איינגעגעסען.

שטילע מענשען זענען שרייערס געווארען. און די, וואס האבען פון דער נאטור אביסעל היים בלוט און האבען אויך אין דער בע־שיידענער היים געוואוסט, ווי דעם קאפ ארויסצורוקען אין דער גע־העריגער צייט, — די זענען דא געווארען די אויבערשטע שוים פון

קהל'ישען קרופניק. מענשען מיט קינסטלער־בערוף האבען זיך אין פאליטיק ארייננעלאזען. און רעדט מען וועגען זיי, ווייס מען נישט מעהר, ווען מען מיינט — דעם קינסטלער אדער פאליטיקער.

שמייכעלסט, ווען איך זאג „פאליטיקער“ ? דאס קען מען דארט ערגעץ אין דער פערעלטערטער איירא‏פא בעגרייפען, אז קינסטלער האבען דאס רעכט פון צייט צו צייט ארויסצושפרינגען מיט עטוואס אונערווארטעטעס, און קיינעם אהרט עס נישט, ווייל מען ווייס, אז דערויף זענען זיי קינסטלער. דאס קען מען אין דער פערעלטערטער איירא‏פא א שמייכעל טהאן אויף דעם קינסטלערס פאליטיק און לאזען איהם, ביז ער דערשפירט דעם שמייכעל און קעהרט זיך צוריק א היים.

דא איז עס נאאיוו. דא ווערט אלץ גענומען שווער און ביטערערנסט. דא האט דאס רעכט אויף פאליטיק יעדער קלייזעל־מאכער, יעדער יוניאן־פיהרער, און בפרט נאך א מענש מיט א נאמען. און דער קינסטלער, וועלכער זעהט, ווי שווער און ביטער־ערנסט מען נעהמט איהם, פערגעסט זיך, פערקריכט איבער'ן קאפ אין דעם טומעל פון די גרעגערס, וואס גרעגערן זיין נאמען אויס, און אט געהט שוין א קינסטלער איבער די ווינקעלדיגע וועגען פון דער פאליטיק אפילו דארט, וואו עס האנדעלט זיך נישט וועגען דער געזעלשאפטליכער, נאר דער ליטעראר‏ישער קאריערע. דערשפירט ארום זיך דעם כח פון די גרעגערס, וואס בעגלייטען איהם, שטעקט זיך אן מיט דעם טאן פון די באסעס, מיט וועלכע ער חבר'ט זיך, און —

עס שפרינגען נאך אויף די זעלביגע וועגען די, וואס האבען נור די קלענסטע מעגליכקייט דערצו. עס קריצען מיט די צייהן פון קנאה און צושפרייטען די ליפען פון חניפה יענע, וואס קענען נישט נאכגעהן. עס כאפט זיך ארייין די מגפה פון „אדווערטייזמענט“ אין אלע ווינקעלעך פון קאפע־הויז. און פאר וואס זאל זיין זינדיגער יענער ווינקעל וואו עס זיצען די יונגסטע, די פערשוויגענסטע ?

איירא‏פא איז ארא‏בגעזעצט געווארען. יענע, וואס זענען נעקומען פון דארט, האבען ארא‏בגעריסען דעם שיין וואס האט געשוועבט איבער דער כשר'ער, אויפריכטיגער היים. עס האט זיך אויפגעהערט צו בענקען אהין און צו גלויבען. געבליבען איז איינס : דאס איינענע קלייזעל און די טומעלדיגע גאס, אין וועלכער יעדער קליי־

זעל וויל זיך מיט מעהר גערויש אריינרייסען. און יונגע קינסטלער האבען אויך אמביציע, און אייגענע נעמען און אייגענע אויערען זענען געגנוג וואוילקלינגענד — פאר וואס זאל מיט זיי די גאס נישט גרעגערן?

אבער די גאס איז געוואהנט צו בעמערקען נאר איינס פון די צוויי: דאס שווערע, וואס מוז בעמערקט ווערען, אדער דאס לייכטע, אבער קוויטשיגע, וואס מאכט, אז מען זאל עס בעמערקען. שוואך און אונבעהאלפען איז דער ווינקעל — ער קען קיין געוויכטיגעס נישט געבען. דאס, וואס ער פערמאגט, זענען נאר גראהע טענער. צו לייכט איז אזא שפייז פאר דער גאס. מוז מען עס מיט עפעס צו־זאלצען, מען מוז דאס לייכטע קוויטשיג מאכען.

נעהם אין האנד אריין די מאגערע ביכלעך, מיט וועלכע דער ווינקעל וויל ארויסשרייען וועגען זיין עקזיסטענץ — און דו דער־פיהלסט דעם קוויטש. דארט האבען זיך א פלאץ געפונען די אונבע־מערקטע מענשען, אין וועלכע דאס ווארט, וואס זיי האבען צו זאגען, איז מיט גאל פערפלייצט געווארען. טוליען זיך אהין די ל"ו־ניקעס, וואס ווארפען אן א בערגעל מיט שטיינדלעך, פון דער גאס מיט אזא מינע, ווי זיי וואלטען פעריל פון זייערע אוצרות אויסגעטיילט. און די דיכטער קלייבען אב פון זייערע העפטען דאס אויסטערלישסטע און קאקעטירען פון די שורות ארויס מיט איבערראשונג.

דערהערט זיך דער מאגערער קוויטש פון ווינקעל ארויס, קוקט זיך אום דאס צופלוידערטע קאפע־הויז, און אויב דער קוויטש האט עמיצען אנגעריהרט, מאכט עס אביסעל בייז בלוט, און יענע, וואס זיצען אין ווינקעל, פיהלען זיך צופרידען. באלד ווערט שטיל, דער קוויטש ווערט פערשלונגען אין דער טרומפייטערדיגער גאסען־פא־ליטיק — און דער ווינקעל איז ווידער אונבעמערקט. רינגעלט מען זיך ארום מיט בחורים, לאזט מען קוקען אויף זיך, ווי אויף גדולים, צעהלט מען ווערטער, פאלט מען אריין אין פערטרויאונג און מען ערקלערט קאנפידענציעל:

— ווייסט איהר, אז איך בין דער גרעסטער דיכטער? — —

— ווייסט איהר, אז איך בין דער גרעסטער שריפטשטעלער?

שטעלען אז די בחורים אויגען און קוקען. אין דרויסען לויפט דער טראמוויי מיט א גערודער. עס פערקויפען אידען זאקען־בענד־

לעך און עפּעל און גראַשענדיגע ציערונג. עס נעהען ערגעץ אום סטרייקער און היטען אב זייערע פאבריקען. עס זיצען מענשען און קוקען אויף די ליכט־בילדער און לאכען פון די אקראָבאַטישע טריקס. ערגעץ אויף די ענגע גאסען אין די שוהלען זאגען אידען דעם אומע־טיגען „והוא רחום“ פון דעם וואכעדינען מעריב. ערגעץ הערען יונגע לייט לעקציעס וועגען קינדער־לאזיגקייט — און קיינער, קיינער, קיינער וויים נישט וועגען דעם, אז אויף איסט־בראָדוויי אין קאפע־הויז האָט זיך דערהערט אַ קוויטש און אז דאָרטען פּראקלאמירט זיך עמיצער פאר דעם גרעסטען.

לאָז אָב, ראמאניסט! דאָס דארפען מיר נעהמען אויף זיך אַ היבשען טייל פון דער שולד פאר דעם, וואָס דער האנדעל מיט דעם כשר׳ען אידישען ווארט איז ביי די אויפריכטיגסטע און שטילסטע אזוי אויף קליינגעלד פערביטען געוואָרען. דאָס האָבען מיר, די איי־ראָפּעער, זיי אַ חלום צושטערט. מיר האָבען זיך אין דעם מארק פון פרייהייט, לאַזונגען און ווערטער אַליין פערלאָרען, מיר האָבען דאָ אונזער פּרצוף אַנגעווארען, און זיך אויף קליינגעלד אויסגעביטען צו־ליעב די גרעגערס פון דער גאס. מיר זענען אנשטאָט, ווי ברידער פון דער ווייט, געקומען ווי געסט, און מיט דעם רעכט זיך גענומען די סמעטענע אָבלעקען. און זענען פאר זיי געוואָרען, ווי פרעמדע, וואָס זענען דאָס הויז בעפאלען — און ווי געגען פרעמדע האָט מען זיך געשטעלט געגען אונז.

מיר האָבען אַ היבש ביסעל דעמאָראַליזאציע אריינגעטראָגען אין דער דאָזיגער טומעלדיגער, נאאיווער גאס. דאָס האָבען מיר דאָ, אונזער אַלטע אייראָפּא פון טראָהן אראָבגעזעצט. און ווי עס זאָל נישט אויסקומען פאר אמעריקא דער רעזולטאט פון אָט דער רע־וואָלוציע און אפשר נאך פריהצייטינער בעפרייאונג — אַ היבשער טייל דערפון וועט אויף אונזער חשבון פערשריבען ווערען.

## ד י ב ע פ ר י י א ו נ ג

קומט דאך אויס אמאָל, אז אַ לאַנד האָט צו פריה ביי זיך די רעוואָלוציע געמאכט. האָט עס חרטה אין אַ צייט אַרום, זוכט אויף דעם געוועזענעם קעניגליכען פּאַלאַץ, רעסטאַווירט איהם און פיהרט ווידער אריין אהין אַ זוהן אָדער אַ קרוב פון דעם פערטריבענעם גע־

זאלבטען. אבער דאס איז שוין נישט אויף לאנג. די, וואס האבען איינמאל דעם פולווער פון דער רעוואלוציע געשמעקט, וועלען זיך צו איהר אומקעהרען.

איירא פא איז דא אראבגעזעצט. און אויב דער געוועזענער קע־ניג ווערט נאך איצט נישט בעטראכט ווי א בכבוד'יגער בירגער פון אלטען יחוס, וועט עס פריהער אדער שפעטער קומען דערצו. ווער ווייס אבער, וויפיעל וואסערן דער האדסאן וועט נאך אריינוואר פען אין אטלאנטיק ביז וואנען מען וועט פערגעסען, ווער עלטער איז. און אפשר קיינמאל נישט.

אבער די קאלאניע האט זיך ערקלערט פאר אונאבהענגיג — און פריהער אדער שפעטער וועט זי זיך אויסלערנען צו געהן מיט די וועגען פון א מעטראפאליע.

איך וויל — דו זאלסט עס זעהן, ראמאניסט! איך וויל, דו זאלסט עס זעהן אין דער פערבלאנדזשעטקייט און צובראכענקייט. זאלסט עס זעהן אין ארומפלאנטערן זיך צווישען די אלטע זכרונות און נייע חלומות. זאלסט עס זעהן אין דעם טאפען דעם וועג צו דער פערזענליכקייט. זאלסט עס זעהן, אין דעם ראנגלען זיך מיט דער ברוטאלער ווירקליכקייט, אום זיך אליין פון איהר ארויסצוקריגען. זאלסט עס זעהן אפילו אין דעם בלייכען קוויטש, אין דער אונבע־האלעפנקייט פון פראקלאמירען זיך אליין, ווייל דאס איז אויך אן אנזאג אויף דעם, אז עפעס קומט.

זעה, עס שמעקט דאך מיט וואונדער; עטוואס כמעט ווי פי־זיאלאגישעס איז דא אין דעם פראצעס פון יוירען און אויפברויזען. פון דער אונבעהאלפענקייט און עקשנות'דיגקייט, מיט וועלכער אט דאס נייע בלעזעלט זיך, וועלענדיג פערנעהמען זיין פלאץ. עס איז דא ערגעץ אויף דער וועלט אזוינס, וואס הייסט געשיכטע, און אויב אט אין דער געשיכטע שטארבט עפעס און ווערט געבוירען, ענטוויקעלט זיך און וואקסט, און אויב א ליטעראטור קען אויך אזא געשיכטע האבען, — דעמאלט זיי אזוי גוט: טהו אן א ווייסען כאלאט און שטעל זיך אוועק איבערווארטען די וועהען פון דער יונגער, אביסעל פראסטער און פערגרעבטער אמעריקא, ביז עס וועט געבוירען ווע־רען דאס, וואס דארף ארויסקומען אויף דער וועלט פון איהר זיווג מיט דעם שענעם יחוס פון איירא פא.

עס מוז דער זיווג עולה יפה זיין. אפשר זענען מיר שוין דאָרטען ווירקליך אביסעל פערעלטערט געוואָרען. עס איז דאָך פארהאן דאָס בעשעהרטע, וואָס ווערט אָנגעשריבען צוליעב דעם, כדי מען זאָל ניצול ווערען פון געפאהר. עס האָט זיך געדארפט א נייע לופט אין די לונגען אריינציהען, כדי מען זאָל פרישער ווערען. אמת — אויך אביסעל פערפויערטער. אבער ווען דער פרישער פויער וועט איינמאָל און צוויי מאָל זיין לאַנד איבעראַקערן און דערפיהלען זיך צוגעבונדען צו דער שטיק ערד, וועט ער זי ליעב קריגען, און עס וועלען גע־בוירען ווערען ביי איהם יענע טראַדיציעס, וועלכע די ערד מוז גע־בוירען. טראַדיציעס, וואָס וועלען טראָגען אין זיך שטארקע סמנים פון יענער היים, וועלכע דער פויער האָט פערלאָזט, און פון דער ניי־ער ערד, צו וועלכער ער האָט זיך צוגעבונדען. אייגענע טראַדיציעס, אייגענער יחוס, אייגענער שטאָלץ.

און דאכט זיך דיר נישט, ווען דו קוקסט זיך צו צו דעם אלעם, אז מיר שטעהען אויפ'ן שוועל פון דעם, וואָס ווערט דאָ געבוירען. האָב נישט קיין פאראיבעל, ראמאנטיסט, וואָס איך וויל דיר מיין גלויבען אָנבינדען. אבער געה אב עטליכע טריט ווייטער, שטעל זיך אוועק אין דער זייט און קוק: עס געשעהען וואונדער.

איך זעה — דו ווילסט זאָגען: איך בין קראַנק אויף טענדענץ. אבער גלויבסט דאָך נישט, אז די ראָד פון דער געשיכטע דרעהט זיך אליין? לעגט דאָך עמיצער צו א האַנד צו איהר, און אָט איז דאָס הענטעל, ביי וועלכער די האַנד האַלט זיך אָן — די טענדענץ.

און אויב מען זעהט אָן די ראָד, און אויב מען זעהט די ווענ־דונג, אין וועלכער מען וויל, אז זי זאָל זיך דרעהען ווייטער, און אויב מען האָט כח דאָס הענדטעל אָנצונעהמען, —

זאָל מען עס טהאָן!

## מ. ל. האלפּערן

# אַ נאכט.

---

ווי זאָל איך אייך זינגען פון רייכטהום
ווען געלד האָבען הייסט ביי אייך רייך.
ווי זאָל איך אייך זינגען פון ריעזען
ווען קאַרליקעס זעה איך ביי אייך.

ש. י. אימבער.

— — — אַ־האַי, אַ־האַ
ווער רופט אזוי? ווער איז דער מענש, וואָס איז אראָפּ
פון בארג אין האלבער נאכט? אין ווילדעסטען גאלאָפּ
איז ער אראָפּ פון דאָרט, מיט אויסגעשפּרייטע הענד.
האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון אלע פעלזען־ווענט
א רייטער־פּאָלק נאָך איהם, מיט בייטשען אין דער הויך,
וואָס האָבען זיך געדרעהט, פון צווישען וואָלקענס רויך
ווי בליצען שאַרף — און פלאַמען זענען הער און הין
געפלויגען דורך דער נאכט, ווי ווילדע פויגלען פליה'ן.
און עכאָ־ווייט, און ברייט, און נאָך־און נאָכאַמאָל —
האָט זיך דער ווילדער רוף געטראָגען, דורכ'ן טהאָל —
— — — אַ־האַי, אַ־האַ
— — — אַ־האַי, אַ־האַ

2.

אין פרעמדען הויז — אין האלבער נאכט —
האט אנגעצונדען זיך דאס הויז,
האב איך געזוכט א וועג ארויס,
איז יעדע טיר געוועזן פערמאכט.

האב איך ווי א צוהאקטע שלאנג
געווארפען זיך, אהין־צוריק,
און אויפגעשפרונגען בלוטענדיג,
און אומגעפאלען גסיסה־קראנק.

איז ווי דורך כשוף מיט אמאל
פערשוואונדען הויז מיט דאך און פלויט,
און ס'האט דאס פייער גלוטיג־רויט
ארומגעכאפט דאס גאנצע טהאל.

האט קלויסטער־קלאנג און פיה־געברום,
און וועה־געשריי פון מענש און קינד,
מיט קלאג פון ווינד און וועלף און הינד
זיך אנגעיאגט פון אומעדום.

האב איך נאך הילף געריפען הויך —
האט קיינער ניט מיין רוף געהערט,
און שוין האט אונטער מיר פון דר'ערד
ארויסגעזעצט א וואלקען רויך.

איז אנגעלאפען אין די הענד
מיט ליכט און פאהנען פון דער ווייט,
אנטקעגען מיר א מחנה לייט —
האב איך שוין קלאגען ניט געקענט.

האב איך פון פינגער אויסגעדארט.

אליין געזוויגט מיין אייגען בלוט,
און מיט א צונג פון זשאר און גלוט,
צו זייערע טרינק־טעפּ זיך געשארט.

האט איינער מיר געשטעלט א ליכט —
געלעגט א צלם אויף מיין הארץ —
און מיט א טלית ווייס און שווארץ,
פערדעקט מיר אויגען און געזיכט.

האט איהם די מחנה נאכגעטאהן,
און מיט געזאנג און מיט געברום
צושטעלט די ליכט אין ראד ארום,
און מיך פערדעקט מיט פאהן נאך פאהן.

דא האט ווי פון דער ערד ארויף
א קול זיך ביז צו מיר געבראכט
— פערשאלטענער! עס ברענט די נאכט —
עס פרעסט דאס פייער לענדער אויף —

און דו, פון סאמע הויט און ביין,
וואס וויקעלסטו ווי מיט א ווייב
מיט פאהנען־שמאטעס זיך דאס לייב
און קייקעלסט זיך אויף זאמד און שטיין?

שטעה אויף, און פליה מיט אלץ וואס פליהט
וואו נאר ס'איז דא א וועג ארויס.
דען זעה: דאס פייער שפרייט זיך אויס.
און וועה צו דעם וואס איילט זיך נים.

האב איך געוואלט שוין טוהן אזוי.
האב איך געריסען פיס און הענד,
פון פאהן נאך פאהן וואס האט געברענט,
געפלאקערט שוין, ווי טרוקען שטרוי.

און אז איך האב מיין לעצט געשריי,
ארויסגעקרעכצט דורך ציין־געקריץ —
האט זיך אראפּגעלאזט א בליץ
און דורכגעהאקט די ערד אויף צוויי.

און אויף א פערד, דורך פלאם און רויך,
אויף הענד און פיס מיט שטיקער קייט,
איז איינער אין א ווייסען קלייד,
ארונטער פון דער העכסטער הויך.

און שרייענדיג, און ווי דער ווינד
איז ער אראפּ אין טיעפען תהום,
זיך טרינקענדיג אין בלוט א שטראם,
מיט מענש און מויז, און הינד און קינד.

און ברענענדיג האט ברעג נאך ברעג,
זיך אפּגעריסען נאכאנאנד.
און דארף און שטאדט און לאנד נאך לאנד
איז מיט'ן רויטען שטראם אוועק.

3.

דורך פייער און בלוט ! — צי ערלייזונג ? צי שטראף ?
וואס טראכסטו ? וואס מאכסטו זיך קאליע דעם שלאף ?

געבליבען איז לעבען א מענשעלע בלויז —
א מענשעלע פּונקט ווי א פינגער די גרויס.

וואס טהוט אזא מענשעלע איינער אליין ?
עס שפּיעלט זיך מיט פייער, מיט בלוט און געוויין.

אין בלוט ביז'ן העלזעל, דאס קעפּעלע ברענט.
נו שטרעקט עס די הענטלאך, און קלאגט אהן אן ענד.

צו וואס אזא שפיעלכעל? צו וואס אזוי טוהן?
א מענשעלע האט זיך פערגנינגען דערפון —

עס בראט זיך אין פייער, און בראט זיך ניט אפ.
עס טרינקט זיך אין בלוט, און עס זינקט ניט אראפ.

ווער איז אזא מענשעלע? ווער איז עס, ווער?
און קומען זיך קומט עס, פון וואנען אהער?

דו פרעג נאר די אלטיטשקע באבע, זי ווייסט.
און ניסטו קיין רוה ניט — זי ווייסט ווי עס הייסט.

זי דארף נאר א פיפס טוהן, און ווען וועט דיר זיין.
דאס מענשעלע כאפט דיך אין זעקעל אריין,

און טראגט דיך נעטריבען פון ווינד און פון שרעק,
העט ווייט איבער זומפען און סטעפעס אוועק,

אהין צו דעם שיף וואס אין אייביגען פלאם,
שווימט אום א פערשאלטענעם אויף בלוטיגען ים —

און דארט וועסטו האבען ווי ער אזא סוף.
טא שווייג'שע, און ליג אין דער ניבפע, און שלאף.

4.

— וויעגט זיך עמיץ קאלט און שטום,
פאר די אויגען מיר ארום.
שפרייט איך אויס די אויגען מעהר,
ווערט ווי בליי דער קאפ מיר שוועהר.
ווייס איך ניט פארוואס איך וויין,
קומט דאס מענשעלע צוגעהן,
און עס שעפטשעט: ברודער מיין
ווער איז שולדיג פאר דיין פיין?

האסטו דאך אליין געבענקט,
זעהן דיין טאטען ווי ער הענגט.
הענגט ער — וואס'זשע וויינסטו, וואס?
איז דען ניט א גאלדען אות
אין דיין לעבענס־בוך, דער בוים?
און ניט מיין אז ס'איז א טרוים.
ריהר איהם אן די הענד די פיס,
ווערסטו זעהן ווי קאלט ער איז.
זעה די אויגען. זעה ווי גרויס,
און די צונג וואס שטעקט ארויס.
רייס איהם אויס די האהר פון בארד,
זאגען וועט ער ניט קייןווארט.
מאך דיין טאשען־מעסער אויף,
פיהר עס דורך זיין בויך ארויף.
קלאפ איהם אויס זיין לעצטען צאהן.
פאר זיין נאז צינד פייער אן.
ברען און בראט איהם — רייס און פליק.
הענגען בלייבט ער אויפ'ן שטריק,
און געגוי נאך דיין בעגעהר,
וויעגט ער זיך אהין־אהער.
וואס'זשע וויינסטו ברודער מיין,
ווער איז שולדיג פאר דיין פיין? — — — —

5.

האמער'ן אין קאפ די שלייפען.
קען איך ניט אנטשלאפען ווערען.
פרעס איך איין דעם קאפ אין קישען,
איך זאל מעהר ניט זעהן ניט הערען.

נעמט דאס מענשעלע מיך וועקען,
לאנגזאם מיט אן עלענבויגען.
נאכדעם שטרעקט עס אויס די הענטלאך,
און עס מאכט מיר אויף די אויגען.

און עס ווייזט מיר א פאר תפלין
אהן רצועות, און פערשימעלט.
און א בלוט־בעשפריצטען טלית
וואס זעהט אויס, ווי רויט־געבלימעלט.

פרעג איך: מענשעלע ווער ביזטו?
שפרייט עס ברייטער אויס דאס זעקעל.
ליגט א קאפ א טויטער דארטען,
צווישען קעפ א גאנצען פעקעל.

קוק איך אויף דעם קאפ דעם טויטען—
קלאפט דאס הארץ און וויל ניט גלויבען.
שמרעננ איך אן די אויגען שטארקער,
און איך שרעק זיך אויפצוהויבען.

פרעג איך: מענשעלע וואס ווילסטו? —
טוהט עס זיך א בויג ארונטער,
און דעם קאפ דעם טויטען טראגט עס
מיר מיטביידע הענטלאך, אונטער —

און עס בעט זיך: — ברודער מיינער,
צווינג מיך ניט איך זאל זיך שווערען.
קענסט דאך זעהן אז ס'איז א רב'ע,
נאך דער הויבקייט פון'ם שטערין.

ס'איז א טייער שטיקעל סחורה —
דארפסט ביים טאטען מעהר ניט פרעגען.
זעהסט דאך אז ער הענגט א טויטער,
— ניט פאר אונז נעראכט — אנטקעגען.

אויף א טשאלענט־טאפ דא האב איך,
איז ער אלט ווער ווייסט די יאהרען.

אַט די כלי צו בעקומען,
בין איך לענדער אויסגעפאָהרען.

כ'האָב אויך העגד און פּיס און פאָהנען,
רב־פּאַטשיילקעס. שמות־שטיקלאך.
נאָר וואָס דאַרף איך דיר דאָס ווייזען,
אַז דו האָסט נאָר ליעב אַנטיקלאַך.

קויף'זשע ברודער, די פּאָר זאַכען.
דיין באַלבאָסטען וועט געפעלען.
וואָס דו דאַרפסט, איז — בלויז איהר ווייזען,
ווי אַזוי דאָס אויסצושטעלען.

בלומען אין דעם טאָפּ פון טשאַלענט,
רויזען אָדער אַנדר'ע סאָרטען —
קען דאָס ווערען אַ וואַזאַנע,
וואָכ מעג שטעהן אין קייזערס גאָרטען.

און דער קאָפּ מיט באָרד און פּאות,
אויף אַ שעהנעם מאַרמאָר־שטענדער, —
קען דאָס זיין אַ ווערק אַ וואונדער,
ס'שענסטע פון די מערב־לענדער.

און די תפלין אויפ'ן רויך־טיש,
פּאַסען דאָך ווי אָנגעמאָסטען —
יואָרים פּראָסטע שוועבעל־האַלטערס,
קענען ווייניגער ניט קאָסטען.

און דער טלית — נו פערשטעהט זיך —
שוין צוליעב די רויטע בלומען,
קען ער זיין אַ יום־טוב־טישטוך,
וואָס איז זעלטען צו בעקומען.

אמת איז: אז אויך א טעפיך
קען ער זיין, און נאר א שעהנער,
אז ר׳איז אמת אריענטאליש,
צווייפלען וועט אין דעם שוין קיינער.

און אז ס׳וועט דער בלומען־טלית,
אמת־אריענטאליש פייער,
אנצינדען אין דיין באלבאסטען —
דארפסטו אויך ניט זיין קיין פרייער...

דארפסט מיט איהר, בלויז איינמאל, צווימאל,
עובר זיין א דין פון תורה,
האסטו שוין צוריק דאס קליינגעלד —
פאר דאס גאנצע ביסעל סחורה...

6.

— הענגט דער טאטע אויפ׳ן בוים
וויל איך דאס זאל זיין א טרוים.

טראכט איך ווי ר׳האט אויסגעזעהן,
ווען איך בין א קינד געווען.

שפאנט ער אום ארויף אראפ.
טוהט א זיפץ, און וויעגט דעם קאפ.

ציעהט א ברעם, און גלעט די בארד.
רעדט ארויס א האלבעןווארט.

כאפט זיך מיט דער האנד ביים ברוסט.
בויגט זיך איין און טוהט א הוסט.

שפאנט ער אום, און הוסט און רעדט.
בלייבט ער שטעהן א ווייל ביים בעט.

קוקט ער שטום אויף מיר און לאנג,
ראכט זיך מיר אז איך בין קראנק.

קראנק און נעהל, ווי ער אזוי,
און מיין קאפ איז אויף שוין גרוי.

זאג איך: טאטע דעק מיך איין,
וועט מיר אזוי קאלט ניט זיין.

ווייזט ער מיר מיט שטומען וואונק,
שנעע ביי איהם אויף קאפ און צונג.

פרעג איך איהם וואו ר'איז געוועזן,
וואס מען האט איהם ניט געזעהן.

ווייזט ער מיט א פינגער שטום,
שטריק ארום זיין האלז ארום.

קוק איך ווערט מיר אזוי שווער,
וויים איך ניט, וואס זאגען מעהר.

זאג איך: טאטע וויעג מיך, וויעג.
לאמיך זיין א קינד צוריק.

הויבט ער קאלט די אויגען אויף,
איבער זיך צום בוים ארויף.

און מיט פיס און הענט ווי שטיין,
וויעגט ער זיך ארום, אליין.

7.

קומט דאס מענשעלע אפיר,
און עס הויבט זיך אויף צו מיר:

וויין ניט, וויין ניט, ברודער מיין,
וואס דו ווילסט, דאס זאלסטו זיין.
און עסברייט דאס זעקעל אויס,
און עס שלעפט פון דארט ארויס,
א פארצייטיג מאנטעל־קלייד,
פורפור־רויט און לאנג און ברייט.
הענגען אויף איהם פליגעל צוויי,
קויטיגע ווי אלטער שנעע.
קריכט דאס מענשעלע אריין,
אין דעם קלייד, און הילט זיך איין.
און א שטריימעל מעהר ניט גאנץ,
מיט א גרינעם לארבער־קראנץ,
טוהט עס אן זיך אויפ׳ן קאפ,
איבער ד׳ אויערען אראפ.
און א הארץ מיט סטרונעס רויט,
פול מיט זשאווער, און מיט קויט,
שטעלט עס נעבען זיך אויף דר׳ערד,
און מיט אויגלאך צוויי פערטרערט,
פרום־פערגלייסט ארויף־צו־צו —
הויבט עס אן דאס איי־ליו־ליו —
וואס מען האט מיט יאהרען פריה׳ר,
ביי מיין וויעג געזונגען מיר.

8.

אז דו וועסט בעצאהלען ברודער,
וועסטו אין קאליאסען פאהרען —
איי־ליו־ליו, ליו־ליו.
וועסטו נישט בעצאהלען ברודער,
וועסטו געהן אויף שטיין און דארין —
מאך׳זשע שוין די אויגלאך צו,
איי־ליו־ליו, ליו־ליו.

ווי א הונד א פרעמדען וועט מען,
דיך פון אלע טירען טרייבען —
איי־ליו־ליו, ליו־ליו.
וואו דו וועסט א טאג פערברענגען,
וועסטו נעכטיגען נישט בלייבען —
מאך׳זשע שוין די אוינלאך צו,
איי־ליו־ליו, ליו־ליו.

וועסטו אויף א שטיין זיך זעצען,
שלאגען זיך אליין אין הארצען —
איי־ליו־ליו, ליו־ליו.
וועט די מאמע רחל וויינען,
אויף דיין גורל אויף דעם שווארצען. —
מאך׳זשע שוין די אוינלאך צו,
איי־ליו־ליו, ליו־ליו.

וועט משיח מעהר ניט קענען,
איהר געוויין אריבערטראגען —
איי־ליו־ליו, ליו־ליו.
וועט ער זיך פון קייטען רייסען,
און דעם קאפ אן שטיין זיך שלאגען —
מאך׳זשע שוין די אוינלאך צו.
איי־ליו־ליו, ליו־ליו.

9.

זינגט דאס מענשעלע ליו־ליו,
פאלען מיר די אויגען צו.
זעה איך שוין א אינגעל זיך,
אין מיין טאטענס ראק און שיך,
וויל איך ניט אין חדר געהן,
לעג איך זיך אויף דר׳ערד און וויין.
ווארפט די מאמע מיך ארויס,
שטעה איך ביי דער וואנד פון הויז.

בלאזט מיט שנעע אויף מיר דער ווינד,
פיהל איך ווי דאס וואסער רינט,
פון מיין פנים קאלט אראפ.
וויש איך מיט אן ארבעל אפ,
פאלט דער גראשען מיר פון האנד —
לעג איך זיך אין שנעע ביים וואנד,
און עס טהוט מיר אזוי באנג,
וואס איך קען ניט ווערען קראנק.
קומט דער פריץ פון דער מיהל,
טוהט זיין הונד אויף מיר א ביל.
גנב'ע איך פאר איהם ארויס,
א כזית ברויט פון הויז.
כאפט דער הונד דאס ברויט און קאיט —
קומט די מאמע און זי שרייט —
שרייט און שילט מיך מיט'ן טויט,
וואס איך טראג פון הויז דאס ברויט,
ווען דער טאטע אויפ'ן מארק,
הארוועט נעבאך אזוי שטארק,
און ער פריהרט דארט אין דער קעלט,
ווייל מען דארף שכר־למוד־געלד.

10.

הער איך ווי די מאמע שילט,
און דעם הונד וואס שפרינגט און בילט,
און דעם פריץ ווי ער לאכט,
דאכט זיך מיר אז ס'איז ביי נאכט —
און דער פריץ מיט געברום,
דרעהט זיך ארום מיר ארום,
ווי א בייזער שווארצער בער,
טאנצענדיג אהין־אהער.
ברומט דער פריץ און ער שפרינגט
טאנצט די מאמע מיט און זינגט.
שפרינגט דער הונד אריין אין ראד,

און עס ווערט א קאראהאד.
לויפט א איד די גאס אראפ,
רינט ביי איהם דאס בלוט פון קאפ,
זעה איך ווי ער שפרינגט פון פיין —
און ער פלעכט אין ראד זיך איין.
קומען אידען נאכאנאנד
בלוטענדיג, פון קאפ און האנד.
קומען טאנצענדיג ארויס
לייט פון שוהל, און לייט פון קלויז.
לויפען אן די ווייבער אויך,
פליהען פעדערין פון בויך.
קומט אן אלטער איד, וואס ברענט,
מיט א תורה אין די הענד.
פלעכטען זיך אריין אין טאנץ,
אידען גישט־דערקוילעט גאנץ.
קומט מיט א געהרג'עט קינד,
און מיט האהר צולאזט אין ווינד,
און מיט אויגען גרויס און גרין,
א משוגענע צופליה'ן.
טאנצט די גאס מיט הויז און קלויז —
טאנצט פון ברעג דער טייך ארויס,
מיט א כוואליע בלוט און שוים.
טאנצט ביים ברעג פון טייך דער בוים.
טאנצט דער טאטע אויפ'ן שטריק,
מיט א גלעזערדיגען בליק.
קומען מתים — לאנג שוין טויט
שפרינגענדיג, מיט פאהנען רויט,
און מיט פאהנען בלוי און ווייס —
קומען גאנצע קופעס מייז
הינטער זיי, אלין מעהר און מעהר,
פון דער אפטריט־וואנד אהער.
דרעהט זיך אלין מיט פיס אין בלוט,
אין מיט קעפ אין רייך און גלוטה.

רינגלען אַלע מיך אַרום,
ווייל איך שרייען, בין איך שטום.
פרואוו איך אויפהויבען אַ האַנד —
ריהר איך אָן אַ קאַלטע וואַנד.
הער איך ווידער ווי מען קלינגט
אויף אַ האַרף, און ווי מען זינגט.
עפען איך די אויגען ווייט,
שטעהט דאָס מענשעלע ביים זייט —
ביי מיין בעט אנטקעגען מיר —
אָנגעטאָן אַזוי ווי פריה'ר
און מיט שטיינערדיגער רוה
וויעגט עס זיך, און זינגט ליו־ליו.

## 11.

קלינגען ריטמיש האַרף און ליעד —
טאַנצען אלע, טאַנץ איך מיט.
האַלאַלאַ, האַלי, האַלי —
ברעכט מען איין די טיר אין הויז,
זעצט מען אונז די שויבען אויס.
טוען טיר און גלאָז אַ פליה —
האַלאַלאַ, האַלי !

קלינגען שפּאָרען, קלאַפּען פיס.
בלאַנקען ביקסען, שווערד און שפּיעז,
האַלאַלאַ, האַלי, האַלי —
שפּרינגט מיין שוועסטער'ל — די מויד,
נאַקעט איבער צוים און פלויט,
טוהט דאָס העמד אַ ווייסען פליה —
האַלאַלאַ, האַלי !

איז דער בוים דעם טאַטענס וויעג,
קנאַקט דער צווייג, און קרעכצט דער שטריק.
האַלאַלאַ, האַלי, האַלי —

קומט דער ווינד, פון דאָ און דאָרט,
כאַפּט דעם טאַטען פאַר'ן באָרד,
טוהט דעם טאַטענס באָרד אַ פליה —
האַלאַלאַ, האַלי!

צינדט מען אונז דאָס קבר אָן,
ברענט עס ווי אַ רויטער האָהן,
האַלאַלאַ, האַלי, האַלי—
צינדט זיך אָן די ווייסע נאַכט.
שטרעקט די מאַמע הענד, און לאַכט —
און זי טוהט אַ טאַנץ, אַ פליה —
האַלאַלאַ, האַלי!

שלאַגען קלויסטער־גלאָקען צוועלף;
שרייען ראָבען וואָיען וועלף.
האַלאַלאַ, האַלי, האַלי —
דייסט דורך גאַסען זיך דער ווינד,
און ער בילט ווי טויזענד הינד.
און ער טהוט אַ שפּרונג, אַ פליה —
האַלאַלאַ, האַלי!

## 12.

ליג איך מיעד אויף מיין געלעגער, —
כאַפּט דאָס מענשעלע אַ מויז.
און אַ גרויסע פּושקע, שלעפּט עס
פון'ם בוזים'ל ארויס.

און די אַלטע קלאַנג, פון ווייבער
ביי אַ טויטען, מאַכט עס נאָך.
און עס מאַכט זיך נאָס די אויגלאָך,
און עס יאָמערט אויף מיין בראָך.

אז איך האָב שוין ניט קיין טאַטען,
ראַמט עס מיר אין אוי'ר אריין.

און עס רייסט זיך פאר די הערלאך,
און עס כליפעט: — וואס וועט זיין?

אנגעווארען האט דיין ברודער,
נעבאךביידע הענד אין שלאכט.
קען ער זיך שוין מעהר ניט קראצען —
נעהמט זיך איהם קיין שלאף ביי נאכט.

וועה, ווי וועט ער דאוונען איצטער?
ווער וועט תפלין לעגען, ווער?
און מיט שיקסע־בריסט זיך שפיעלען
קען ער דאך שוין אויך ניט מעהר.

און וואס טויג שוין אזא לעבען —
אז ס׳איז אזוי פוסט און וויסט.
אז מען קען שוין ניט אפילו,
שמאטעס קלויבען אויפ׳ן מיסט.

און דיין שוועסטער — וועה דער מאמען —
אט דאס קרענקליך בלאסע קינד.
אוי, וואס ווילען זיי, די גוים,
אויסגעהן זאל אויף זיי די זינד.

וואס וועט טוהן איהר חתן איצטער —
וואס טויג איהם די כלה שוין?
אז אהן אונשולד איז א כלה
ווי א מלכה אהן א קרוין.

אויף די מאמע איז נישטא מעהר —
ז׳איז אין משוגעים־הויז.
אלץ וואס כ׳האב אין שטוב געפונען,
איז די פושקע און די מויז.

טשענק׳זשע פאר דער מויז א גראשען,
און א גראשען אויך פאר מיר.
וועט דאס זיין פאר מיר אויף בראנפען,
און אויף מויזען־סם פאר איהר — — —

קלאגט דאס מענשעלע און יאמערט,
ווילט זיך נאכמאכען דעם שפאס,
מאך איך מיר ווי ער די אויגען
מיט א ביסעל שפייעכץ נאס.

און מיר הויבען אן אינאיינעם
א געקלאג און א געזאנג.
העלפט אונז מיט געקוויטש דאס מייזעל,
און די פושקע מיט געקלאנג.

13.

און דריי מאל א דרעה — און דאס מענשעלע שטעהט
שוין הויך אויפ׳ן טיש, אין א פרעדיגער־קלייד.
און טייטלענדיג צארניג אויף מיר, הויבט עס אן:
אז אויג פאר אן אויג, און א צאהן פאר א צאהן.
און האט מען פערברענט דיר, דאס בעט און דעם דאך,
איז — וואיע ביים שוועל, ווי א הונד אויף דער וואך.
די ערד פרעסען ווערים. דער פויגעל פרעסט זיי.
טא כאפ׳זשע דו הונד דיר, א פויגעל אין שנעע,
וואס שפרינגט, מיט געפרוירענע פליגעל און פיס —
און טהייל מיט דיין ברודער, א ביס נאך א ביס.
אין האט ער קיין הענד ניט — א האנד האק אראפ
פון איינענעם אקסעל, און גיב זי איהם אפ.
און האט אויך דיין שוועסטער א ממזר געהאט,
דו שריי אז עס הייסט „שוויענטע דוך‟ דער זאלדאט.
און אז ס׳איז דער ממזר א קומענדער גאט,
וואס ברענגט אונז, ווי יעזוס, בלויז ליעבע און גנאד.
און גלויבט מען דיר ניט — נעם דעם צלם פון הארץ,

און נעם אויך דעם טלית האַלב ווייס און האַלב שוואַרץ,
און לעג זיי צוזאַמען און שפּיי אויף זיי אָן.
און דאַן הייס דיר ברענגען אַ פאַהן נאָך אַ פאַהן,
און פלעכט פון זיי אַלע אַ שטריק דיר צונויף,
און הענג ביי דער זייט פון דיין טאַטען זיך אויף,
און הוידע מיט איהם זיך אַהין און צוריק,
אַזוי ביז ס'עט דורכגעפוילט ווערען דער שטריק —
אַזוי ביז אַ גוי וועט אייך ביידען אין דר'ערד —
בעגראָבען מיט זיינס אַ גע'פגר'טען פערד.

14.

פאַלט פון מענשעלע אַן אָפּשיין,
אויף די ווענט און אויף מיין בעט.
בריהען זיינע רייד ווי פייער —
ראַכט זיך אַז אַ נביא רעדט.

הייס איך מיר אַ סימן ווייזען.
טוהט עס זיך דעם מאַנטעל אויס.
ציעהט אַ שלאַנג אַ פייער־רויטע,
פון זיין האַרצען זיך אַרויס.

זעהט דאָס מענשעלע, איך שאַר זיך
ציטערדיג, צום וואַנד אַוועק.
שוועהרט עס מיר ביי ערד און הימעל,
אַז איך האָב אומזיסטען שרעק.

ברודער — זאָגט עס — ס'האָט די שלאַנג נאָך
קיינעם ניט געקרימט קיין האָהר.
זי איז בלויז געמאַכט דורך כשוף,
און ז'איז מיין, שוין לאַנגע יאָהר.

וואו איך טאָג און וואו איך נעכטיג.
טראָג איך זי מיט זיך אַרום.

פרעג די שטיינער אויף די וועגען —
פרעג די בעטלערס אומעדום —

פרעג די קעניגע וואָס ליגען,
לאַנג־שוין־טויטע אין דער ערד —
וויפיעל מאָל בעפאַלען האָבען
זיי אונזביידען מיט'ן שווערד ?...

פרעג די פייערען, וואָס האָבען
זיך מיט מיר און איהר געשפּיעלט.
ווען זי האָט די הייליגע תורה
ווי א קלייד, אַרומגעהילט.

ס'איז די שלאַנג פון משה'ס שטעקען —
משה'ס שטעקען איז די שלאַנג ;
און זי האָט שוין גאָר פערשיעדען,
זיך פערוואַנדעלט אויף מיין גאַנג.

אויף א פאָהן איז זי געווען שוין,
וואָס האָט זיך געטונקט אין בלוט.
אָפט אויך האָט זי ווי א טויטע
לאַנגע צייט, אין האַרץ גערוהט.

איצט איז זי, אָט וואָס דו זעהסט דאָ.
און ס'איז גוט, וואָס זי איז רויט.
ווייל ווער ווייסט וואָס צווישען מענשען
קען זיך טרעפען אין א נויט —

אמת איז : צום שנייצען איז אויך
א קאַפּאָטע־אַרבעל גוט.
אָבער צווישען מענשען, פּאַסט זיך
קיינמאָל ניט צו שפּייען בלוט.

דאָס געזאָגט, האָט כלומרשט טרויריג
זיך דאָס מענשעלע פערטראַכט:
און די שלאַנג די פייער־רויטע
נעהענטער, מיר צוגעבראַכט.

און צושפרייט ווי אַ פאַטשיילקע
האָט ער זי, אַנטקעגען מיר,
און געבעטען מיך מחילה —
און אַ שפיי געטאָן אין איהר.

15.

אַ מענשעלע, קליין מענשעלע,
וואָס לאָזטו מיך ניט אָפּ?
עס ברענט דאָך ווי אין גהנים שוין
אַ שרפה אין מיין קאָפּ.

דער בעטלער האָט זיין בעטעל־זאַק —
דער קעניג האָט זיין טראָהן —
דער טרוימט פון גאָלד, און דער פון ברויט,
ווען ס'הויבט די נאַכט זיך אָן.

און איך וואָס האָב נאָר זיך אַליין,
און וויים ניט וואָס מיר פעהלט —
פאַרוואָס האָסטו צו מאַטערען
מיך ארמען, אויסדערוועהלט? — — —

אזוי האָב איך צום מענשעלע
גע'טענה'ט אין דער נאַכט.
האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ,
און שטומערהייט געלאַכט.

האָב אַנגעהויבען שעלטען איך
אונז ביידען, און די נאַכט.

האט ער געשאקעלט מיט׳ן קאפ,
און שטומערהייט געלאכט.

בין איך פון וועהטאג שרייענדיג,
צו איהם פון בעט אראפ,
און ווי מיט צוואנגען, מיט די הענד,
ארומגעכאפט זיין קאפ.

און ווי א ווילדער קאוואל שווינגט
זיין האמער נאכאנאנד —
האב איך געהאמערט מיט זיין קאפ
אן שטיינערדיגער וואנט.

— א ברודער מיין, א ברודער מיין,
וואס שלאגסטו קאפ אן שטיין?
עס רינט דאך שוין דאס בלוט פון דיר
א זעה א זעה אליין. —

האב איך דערפיהלט, ווי ס׳רינט אראפ
פון קאפ ביי מיר דאס בלוט,
האט זיך אין מיר נאך מעהר צוברענט
די מערדערישע גלוטה.

האב איך געכאפט דאס מענשעלע
מיט נעגעל איהם געשטיקט.
און מיט די ציין איהם שטיקערווייז
דאס פלייש, פון לייב געפליקט.

— א ברודער מיין, א ברודער מיין,
וואס איז מיט דיר היינט נאכט?
ווער איז דער שד, וואס האט עס דיך
פון זין אראפגעבראכט?

וואָס רייסטו זיך דאָס איינגען לייב?
וואָס שינדסטו זיך די הויט?
דו קענסט דאָך נאָך אַזוי אַליין
דערמוטשען זיך ביז טויט. —

ביז איך געפאַלען צו דער ערד,
מיט אָפּגעלאָזטע הענד.
האָט מיך געבריהט דאָס לייב, ווי ס'וואָלט
דאָס העמד אויף מיר געברענט.

האָב איך פון ווינקעל שטוב אַפיר
מיך אויפרופען געהערט,
און אויסגעשפּרייט האָט ווער פאַר מיר
אַ תורה אויף דער ערד.

און מיט אַ קול, ווי פון אַ מת
די תכחה געלייינט.
האָט יעדער נערוו געוויינט אין מיר —
געפיעבערט און געוויינט.

16.

— ביז איך ניט ביים קלאָהרען זין —
ווייס איך מעהר ניט וואו איך בין.
דרעהט זיך וועלט מיט פעלד און שטאָדט
אין אַ פייער־רויטען ראָד.
וואַקסט אַרויס אַ טשאָלענט־טאָפּ.
קריכט פון דאָרט אַרויס אַ קאָפּ.
זעהט ער אויס מיט באָרד און האָהר
עלטער שוין פון טויזענד יאָהר.
וואַקסט אַ מויז פון דיל אַרויס.
ווערט זי ווי אַן עלעפאַנט גרויס.
גריזשעט זי די באָרד פון קאָפּ,
און זי שלינגט די האָהר אַראָפּ.

נעמט ביים האנד מיך עמיץ אן,
גיט צו טראגען מיר א פאהן.
קוקט דער טאטע פון'ם בוים,
זידט ארום זיין מויל א שוים.
רופט ער מיט אן אויג און ווינקט —
הער איך ווי א פושקע קלינגט,
ציעהט זיך א לויה־גאנג,
איז ער טויזענד מיילען לאנג.
קלינגען פושקע־קלאנג און טריט,
טויזענד־יעהריג אלט און מיעד.
ראכט זיך מיר אז עמיץ זיצט
אין א טלית, בלוט־בעשפריצט,
אין דער מיטה, און ער ברענט
מיט א תורה אין די הענד.
וויעגט ער זיך אהין אהער
פרעג איך וואס דאס איז, און ווער?
ציעהט זיך אוים א שלאנג וואס גליהט
ווי א קייט פון גאלד געשמיעדט.
ראכט זיך מיר אז איך אליין
זיץ אין מיטה, און איך וויין.

טראכט איך ווער און וואו איך בין
און פון וואנען און וואוהין
דרעהט די קייט זיך נאכאנאנד
זיעבען מאל, ארום מיין האנד.
וואקס איך אוים אין לאנד ביים ניל
וואו עס וואוינט דאס קראקאדיל,
טוהט מען דארט מיך נאקעט אוים.
ברענגט מען מיך אין קעניגס הויז.
הער איך ווי דער קעניג שרייט —
ווארפען שקלאפען זיך און לייט
פאר דעם קעניג צו דער ערד,
שלאגט ער זיי מיט פוס און שווערד

ברענגט א שקלאף איהם פלייש און וויין
שפייט ער אין דעם טאץ אריין.
ברענגט מען איהם א נאקעט ווייב
שלאגט ער מיט א בייטש איהר לייב,
און דאס הארץ איהר, שניידט ער אויס
און ער זויגט דאס בלוט ארויס.
זויגט ער, און ער וויל נאך מעהר
ברענגט מען מיך צו איהם אהער.
הויבען די מכשפים אן —
דרעהען זיך ארום זיין טראהן:

— קעניג ווילסטו זיין געזונד
היים איהם שלאגען ווי א הונד.

— קעניג ווילסט געזונד דו זיין
מויער איהם אין וואנד אריין

— קעניג ווילסט א שעהנעם שפיעל,
ווארף'זשע איהם אריין אין ניל.

— קעניג ווייז אונז דיין גענאד,
מאך דיר פון זיין בלוט א באד.

מויערט מען אין וואנד מיך איין,
ווארפט מען מיך אין ניל אריין,
זויגט מען מיר פון הארץ דאס בלוט,
ווייס איך מעהר ניט וואס מען טוהט.
וויין איך, שריי איך אין מיין נויט,
און איך בעט אויף זיך דעם טויט,
און איך שפרינג אין ים אריין,
אויסגעלייזט צו זיין פון פיין,
הייסט דער קעניג כאפען מיך.
ווארפען אין די כוואליעס זיך

קעניגס־לייט, מיט שפּיעז און שווערד,
און מיט רייט־וועגען און פערד.
זעה איך אלע אונטערגעהן,
ווי אן איינציג גרויסען שטיין.
איז דאָס זייער וויסטע שטראָף —
וואַרט איך אויף דעמזעלבען סוף.
טראָגט א כוואַליע מיך אוועק,
און זי ברענגט מיך צו א ברעג.
איז דער ברעג א וויסטער אָרט —
איז נישטאָ קיין וואַסער דאָרט.
איז די ערד פערטרוקענט רויט —
איז נישטאָ אויף איהר קיין ברויט.
ציעהט זיך, ציעהט זיך יאָהרען לאַנג
איבער סטעפּ און באַרג מיין גאַנג.
דאַכט מיר, אז איך וועל אליין
זיך פערוואַנדלען אין א שטיין,
און איך וועל שוין מעהר קיינמאָל
קומען אין א מענשען־טהאָל.

ווייס איך ניט וואוהין צו געהן —
געה איך, געה איך און איך וויין.
דרעהט די קייט זיך נאָכאַנאַנד
זיעבען מאָל, ארום מיין האַנד.
מאַכט א טאָג זיין טויער אויף,
געהט א מאָרגען־זון אַרויף;
קום איך אין א לאַנד אריין
פליעסט דאָרט האָניג, מילך און ווייַן,
בענש איך וויינענדיג די ערד
וואו ס'איז רוה, פאַר מיר בעשערט —
אוז איך שטעל מיר אויף א הויז,
און איך פּלאַנץ א גאָרטען אויס;
זעה איך ווי מיין גאָרטען בליהט,
און די זון וואָס לויכט און גליהט

איבער פעלד און טייך און בוים —
זיץ אין שאָטען איך און טרוים.
טרוימט זיך מיר אַ ווייט שטיק ערד
וואָס ווערט חרוב דורכ'ן שווערד.
טרוימט זיך מיר אַ לאַנד וואָס ברענט,
שרייט אַ פאָלק און שטרעקט די הענד.
טרוימט זיך מיר אַ שווערד פון פלאַם
איבער וועלט און פעלד און ים.
דאכט מיר אַז די וועלט איז מיעד,
און זי בענקט נאָך רוה און פריעד,
זעה איך טרוימענדיגערהייט
רייטען זיך אין ווייסען קלייד.
האָב איך ניט קיין קרוין, קיין שווערד,
רייט איך אויף אַ ווייסען פערד;
פלעכט די זון פון ליכט און גלאַנץ
אויף מיין קאָפּ אַ שטראַהלען־קראַנץ.
פליהען טויבען מיר פאָראויס
דורך דער וועלט לאַנד איין לאַנד אויס.
זאָגען זיי מיין קומען אָן;
קומען מענש און לייב און האָהן,
קומען פרעהליך קינד און קייט
אויף דעם רוף פון מיין טראָמפּייט,
הויבען אָן צו געהן, צו זעהן,
ווער ס'איז בלינד און קרום געווען;
הערט מיין רוף דער בייזער טויט
שפּרינגט ער איבער צוים און פלויט —
שפּרינגט ער איבער בוים און הויז —
לויפט ער פון דער וועלט ארויס.
עפנען זיך די קברים אויף,
שוועבען קינדערלאַך ארויף;
שוועבען זיי אין זונען־שיין,
מאַמעס אין די הענד אריין.
קומען לייט מיט זילבער־בערט,

בליהען בלומען אויף דער ערד,
הינטער זייר'ע טריט אפיר.
טוהט זיך אָן אין יום־טוב־ציער
בארג און טהאָל און וואלד און פעלד —
זעה איך אָט־אזוי די וועלט —
אָנגעטאָן אין רוה און פריער,
וויינט מיין הארץ פון פרייד און גליהט.
וויינט מיין הארץ און זינגט אין טרוים,
אין דעם שאָטען פון מיין בוים.

בענק איך שוין דעם טאָג צו זעהן,
ווען עס וועט אזוי געשעהן.
דרעהט די קייט זיך נאָכאנאנד
זיעבען מאָל ארום מיין האנד.
גיט די זון איהר לעבען אָפּ,
און עס קומט א נאכט אראָפּ.
הער איך שווערען זעלנער־גאנג,
זעלנער־גאנג און שווערד־געקלאנג;
פרעגט מען ביים לאמטערן־שיין,
צי איך וויל א קעניג זיין,
זאָג איך — ניט פון אָט דער וועלט.
לאכט מען אין א ראָד צושטעלט,
און ווי פאר א קעניגס טראָהן,
הויבט מען זיך צו נויגען אָן.

— גרויסער קעניג מאָנספערשוין,
וואָס איהם פעהלט איז נאָר א קרוין.

— האָט א הארץ מיט פרייד און פריער,
נאָר קיין הויף־לייט האָט ער נים.

— ר'האָט א קאמער אויף מיט מייז,
פעהלען פעהלט נאָר וויין און שפייז.

— ר׳האָט אויך אַ הארעם, יאָ, יאָ,
נאָר קיין ווייב איז דאָרט נישטאָ.

שוויַיג איך און איך ענטפער ניט.
נעמט מען מיך אריין אין מיט,
און ארום מיין קאָפּ ארום,
פלעכט מען דערנער שפּיציג־קרום;
נעמט זיך אַן אַ גאַסען־ווייב —
רייסט מען איהר דאָס קלייד פון לייב,
און מען טוהט דאָס אַן אויף מיר,
פאר אַ קעניגליכער ציער.
און מען שטרעקט און ציעהט מיך אויס,
אויף אַ צלם שווארץ און גרויס,
שלאָגט מען מיך מיט טשוועקעס אַן
און מען רופט דאָס אַן מיין טראָהן.
ברענט די וואונד אין פיס און הענד
ווי אַ גהנים־פייער ברענט;
וויין איך אין מיין פּיין און נויט
און איך בעט אויף זיך דעם טויט.
הויבט דער צלם אַן צו געהן,
איבער וואלד און פעלד און שטיין.
געהט דער צלם און איך הענג
אויסגעצויגען אין דער לענג.
לויפען וואַיענדיג פון שרעק,
מענש און הינד און רינד אוועק.
יאָגט זיך ווילד דער ווינד פאַראויס —
רייסען גראָז און בוים זיך אויס.
קעהרט זיך איבער הויז און פלויט,
ווערט די נאכט ווי פייער רויט.
קום איך ביי דעם רויטען שיין
אין אַ פרעמדען לאנד אריין.
שטרעקט מען הענד פון דאָ און דאָרט,
און מען רייסט מיך פאר׳ן באָרד.
מאכט זיך אויף אַן אייזען־טיר,

שפרינגט פון דארט א לייב אפיר.
רייסט ער מיר דאס פלייש אראפ
שטיקער־ווייז פון האנד און קאפ —
בלייבט ער ליגען אין דעם זאמד,
און ער רעוועט ווי פער'סמ'ט.
לויף איך אין דער נאכט ארוים,
לויפט דער צלם שווארץ און גרוים
הינטער מיר דורך נאכט און ווינד.
רוף איך דורכ'ן חושך בלינד —
טראגט זיך מיר פאראוים מיין קול
איבער סטעפ און בארג און טהאל.
פאלען אן ביי יעדער טיר,
אלע בייזע הינד אויף מיר.
לויף איך לויף איך אהן אן ענד
און איך רוף און שטרעק די הענד:
קום איך אין אנדער ארט,
ווארפט מען מיך אין פייער דארט —
הויב איך מיט דער פלאם זיך אויף,
און איך וואקס צוריק ארויף,
גליהט מען אייזען פייער־רויט,
שינדט מען פון מיין לייב די הויט —
שמעלצט דאס אייזען אין דער גלוט
פון מיין ברענענדיגען בלוט.
טרייבט מען ווי א בייזען שד
מיך מיט פסקים און געבעט.
לויף איך איבער שטעג און וועג,
הער איך הינטער מיר געיעג.
זעה איך צלמים מעהר און מעהר
יאגען זיך צו מיר אהער.
זעה איך בלוטענדיג און שטום
הענגען זיך אויף יעדען צלום.
שליעס די אויגען איך און לויף,
הויבען קלויסטער־ווענד זיך אויף.

זעה איך הענגען זיך אליין
בלוטענדיג אויף יעדען שטיין.
רופט א גלאָק צום תפלה־גאַנג,
וויינט מיין בלוט אין זיין געקלאַנג.
שטרעקען קלאַנג און קלויסטער־ווענט,
זיך צו מיר ווי פייער־הענד.
גראָב איך מיר א גרוב אליין,
אין דער ערד מיט הענד און ציין.
שפייט די ערד מיך אויס צוריק,
בלייב איך ליגען בלוטענדיג.
הויבט זיך אויף א פייער־שווערד,
צווישען הימעל און דער ערד.
טראָגט זיך אַן פון אומעדום
אויסגעמישט מיט פיה־געברום —
וועה־געשריי פון מענש און קינד,
ווי געקלאַג פון וועלף און הינד.
פרואוו איך רופען נאָכאמאָל,
שטיקט זיך אין דער ברוסט מיין קול.
ווייס איך מעהר ניט וואו איך בין —
וואַרף איך זיך אהער־אהין,
און מיט וועלט און פעלד און שטאָדט
דרעה איך זיך אין פייער־ראָד.

ליגען בערג מיט קעפּ און הענד,
צווישען פלאַם און רויך פערברענט.
זעה איך אז איך בין אליין,
אין א סטעפּ פון זאמד און שטיין.
וויין איך מיר די אויגען רויט
וואָס מיר נעמט זיך ניט קיין טויט.
קומען פּושקע־קלאַנגען שווער
ווידער פון דער ווייט אהער.
זעה איך א לויה־גאַנג
איז ער טויזענד מיילען לאַנג.

קלינגען פּושקע־קלאַנג און טריט
טויזענד־יעהריג אַלט און מיעד.
זיצט אין מיטה ווער און ברענט
מיט אַ תורה אין די הענד.
וויעגט ער זיך אַהין־אַהער—
פרעג איך וואָס איז דאָס און ווער?
ציעהט זיך אויס אַ שלאַנג וואָס גליהט
ווי אַ קייט פון גאָלד געשמיעדט.
דרעהט די קייט זיך נאָכאַנאַנד
זיעבען מאָל ארום מיין האַנד.
דאַכט זיך מיר אז איך אַליין
זיץ אין מיטה און איך וויין.
מאַכט ביים וועג אַ גרוב זיך אויף,
קומט אַ קול פון דאָרט ארויף.
וויינט און פרעגט — וואוהין? — דאָס קול.
וויינט און ענטפערט באַרג און טהאָל:
— אייביג רוהלאָז, אייביג בלינד
וואַנגלען וואָלקענס מיט דעם ווינד. — — — —

17.

שטעלט מען זיך אַפּ אויף אַ שנעיגען פעלד,
לאָזט מען מיך איבער אַליין.
קומט אויף אַ קוליע, פערבונדען דעם קאָפּ,
דאָס מענשעלע ווידער צונעהן.

רופט עס מיך קעניג, און נויגט זיך פאַר מיר,
און פרעגט נאָך מיין וואונש מיין בעגעהר.
זאָג איך איהם, זעהסט דאָך אז איך בין אַליין,
און ריהרען זיך קען איך ניט מעהר.

טוהט ער אַ וואונק קומט, פון זעלנער געיאַגט,
אַ נאַקעט סקעלעט פון דער ווייט.

הויבט עס די פיס, ווי ביי נאכט אין א שענק
א מויד צווישען שכור'ע לייט.

הויבט עס די פיס און עס טאנצט ארום מיר,
טאנצט עס און זינגט מיט געברום:
— אזוי זאל זיך דרעהען דער טויט ארום דיר
אין אייביגען רעדעל ארום —

וואקסען אויס ווייבער, א מחנה פון דר'ערד —
בראט מען ביים פייער א קינד.
טיילט מען מיט הענטלאך און פיסלאך זיך איין,
לאזט מען דעם קאפ פאר די הינד.

טיילט מען זיך איין, און די ביינער פון קינד
הויבט מען אוןווארפט מען אויף מיר.
— אזוי זאל מען פרעסען דיין לעבעדיג לייב,
ביז דאס־א וועט בלייבען פון דיר. —

קומען אן בוימער פון איטליכער זייט
וויעגען זיך טויטע אויף זיי,
ווארפט זיך ארויף אויף די בוימער דער ווינד—
ווארפט אויף די טויטע, מיט שנעע.

שטעלען די טויטע זיך אויס אין א ראד
אזוי ווי מען שטעהט פאר א טראהן;
— געטאן זאל דיר ווערען דאס איינענע בייז,
וואס אונז איז געווארען געטאן.

אויף אייביג פערוויסט זאל פערבלייבען די ערד
וואו דו האסט געשפונען דיין טרוים
זאל הענגען דארט — אהן א פארוואס, אלע נאכט
אן אנדערער אונטער דיין בוים.

און שטרעקסטו דיין האנד, א פערבענקטער אהין
געלעמט זאָל דיר ווערען דיין האנד.
דערשטיקט זאָלסטו ווערען אין מיטען פון ווארט,
ווען דו ווערסט דערמאָנען דאס לאנד.

און שטארבענדיג זאָלסטו ארומוואָגלען אויף,
און קיינמאָל געשטאָרבען ניט זיין,
דערפאר וואס דו שלעפסט מיט דיין קעניגס־טרוים אונז
אהן אויפהער, לאנד אויס און לאנד איין. —

הער איך די טויטע מיך שילטען אזוי,
וויין איך און שילט זיך אליין.
פאלט פון די טויטע, דאס — אמן — אויף מיר,
אזוי ווי א שטיין נאך א שטיין.

קומט אין א ליידיגען וואָגען געשפאנט
א פערד, ווי דער שנעע אזוי וויים.
הענגט איהם געפרוירען דאס בלוט פון'ם מויל—
גלאנצט אויף זיין גריווע דאס אייז.

שטרעק איך צום מענשעלע אויס מיינע הענד,
קוקט עס מיך אן אזוי קאלט.
זעה איך דעם וואָגען פערזינקען אין שנעע,
זעה איך דאס פערד ווי עס פאלט.

טראגט זיך א קול דורכ'ן ווינד, דורך דער נאכט,
רופט עס — אהאי ! — און — אהא ! —
קוק איך זיך אום, אין דער וויים, אין דער ברייט,
איז שוין מעהר קיינער נישטא.

18.

דארף מיין קלייד א ווייסע זיין,
הילט דער ווייסער שנעע מיך איין,

ליג איך, קעניג פון דער וועלט,
אהן א קרוין אין מיטען פעלד —
ריגנלען ראבען מיך ארום,
זיעבען ראבען שווארץ און שטום,
צייכענס פון די זיעבען טעג —
וואס איך האב געהאט אין וועג.
זיצען אויף מיין קאפ שוין צוויי.
זיצען ראבען פיער אויף זיי.
זיצט די עלטסטע אויבען אן.
שרעק איך זיך א ריהר צו טאן —
ווערט מיר שוועהר ווי בליי דער קאפ,
און דאס הארץ מיינס שטעלט זיך אפ.
רופט א קול מיין נאמען אויס,
שפרינגען פון דער ערד ארויס,
זיעבען שדים מיט אמאל.
און מיט אויגען גרוי ווי שטאהל,
און מיט בערד פון אייזען־דראהט,
דרעהען אלע זיך אין ראד,
און זיי פליעסקען מיט די הענד,
צו מיין טויטען־בעט געווענדט:

— האללא, האללא, מאנספערשוין,
מלך אין דער ראבען־קרוין.

האט א לאנד די שטאדט, דאס פעלד,
האט א לאנד די גאנצע וועלט,
ליגט ער, ליגט ער ווי א שטיין,
און ער לאזט זיין לאנד אליין —

האללא, האללא, מאנספערשוין,
מלך אין דער ראבען־קרוין.

האַט אַ טיש מיט ברויט און וויין,
און אַ טאָג מיט זונען־שיין,
און ער האלט דאָס מויל פערמאַכט,
און די אויגען ווי ביי נאַכט —

האַללאַ, האַללאַ, מאַנספערשוין,
מלך אין דער ראָבען־קרוין.

האָט אַ צונג און זינגט ניט מיט,
האָט אויך הענד און ריהרט זיי ניט.
וואַשען מיר פון זינד איהם ריין,
ווייל ער קען דאָס ניט אליין —

האַללאַ, האַללאַ, מאַנספערשוין,
מלך אין דער ראָבען־קרוין.

האָט ער ניט קיין ווייסע קלייד,
האָבען מיר דאָס אויפגענעהט.
ניט פערלאַנגט קיין גראָשען געלד,
ניט געפרעגט צו איהם געפעלט —

האַללאַ, האַללאַ, מאַנספערשוין,
מלך אין דער ראָבען־קרוין.

שטעהט זיין בעט אין פרעמדען הויז,
גראָבען מיר אַ גרוב איהם אויס,
וואַרפען מיר איהם דאָרט אריין,
וועט ער דאָרט שוין אייביג זיין —

האַללאַ, האַללאַ, מאַנספערשוין,
מלך אין דער ראָבען־קרוין.

19.

רופט א קול מיין נאמען אויס,
שפרינגען פון דער ערד ארויס
זיעבען ווייבער, נאקעט הויל,
און מיט פנים׳ער ווי קויל.
און מיט אויגען פייער־רויט,
קוקען זיי ווי איך בין טויט,
און מיט נעגעל ראבען־שווארץ
רייסען זיי ארויס מיין הארץ,
און צושניידען עס אין אייל,
און זיי צעהלען זיעבען טייל:

— ערשטער טייל; דאס קינד אין וויעג,
ווארפען זיי אריין צוריק.

— צווייטער טייל: די יוגענד־טעג,
שענקען זיי צו הינד אוועק.

דריטער טייל: די בענקעניש,
ווארפען זיי אהינטער טיש.

— פיערטער טייל: די לעבענס־לוסט,
ליידיג איז דאס ארט און פוסט.

פיפטער טייל: א האלבע ליעד,
וויל פון זיי דאס קיינער ניט.

— זעקסטער טייל: טאבאק־געדוך,
שרייען אלע אויס א פלוך.

— זיעבטער טייל: א בינטעל הויט,
פול מיט מורא פאר׳ן טויט —

טועז זיי דעם טייל א נעם,
און זיי שפייען אַן אויף דעם,
יעדע איינע זיעבען מאָל —
און זיי שרייען אויפ'ן קול.
שרייען זיי און דרעהען זיך
ווי א ווינד, אין רעדעל גיך.
און מיט אויגען פייער־רויט
קוקען זיי, ווי איך בין טויט.

20.

הער איך דריי פאר־טאג דעם זייגער שלאָגען,
נעמט זיך טאג־ליכט ווייזען אין די שויבען:
רעקט מען צו מיט שערבלאך מיר די אויגען.
ווארפט מען אויף מיר ערד אראָפּ פון אויבען.

געהט מיר אויס דער אָטעם. ווערט מיר ענגער.
וויל איך רופען — איז נישטאָ מעהר קיינער.
הער איך סקריפּען וועגענער וואָס קומען —
לאָדט מען אויס פון זיי מצבה־שטיינער.

ליין איך אויף א שטיין מיין שוועסטערס נאָמען —
זעה איך ליגען זי אין קבר איהרען.
האלט זי מויל און אויגען אויפגעעפענט
שרעק איך זיך איהר פנים אנצוריהרען.

ליי'ן איך אויף א שטיין מיין ברודערס נאָמען —
ליגט ער צווישען נישט־בעגראָבענע טויטע.
מיט די ציין אין דר'ערד ארייננעגראבען,
אין דער האנד אַ שווערד, פון בלוט א רויטע.

ליי'ן איך אויף אַ שטיין מיין טאַטענס נאָמען —
הער איך קינד און קייט אין שטעטיל קלאָגען:

—מ'האט דעם שטריק איהם אויפ'ן האלז פערוואָרפען
האַלבע נאכט, אין מיטען תהלים־זאָגען.

ליי'ן איך אויף א שטיין מיין מאַמעס נאָמען —
פרעג איך: מאמע, וואו ביזטו בעגראָבען?
הער איך ווי מיין מאמע וויינט און בעט זיך,
כ'זאָל אויף קיינעם קיין בייז הארץ ניט האָבען.

ליי'ן איך אויף אַ שטיין מיין אייגענעם נאָמען —
פיהל דעם צלם איך וואָס אויף מיין הארצען.
שטעלט מען שטאַנגען אויף ארום מיין קבר,
ציעהט מען אויס אויף זיי אַ דעק אַ שווארצען.

קומען קלעזמער אַנגעטאָן אין ווייסען
טאַנצט א מת פאראויס מיט ליכט און חלה.
קומען אין דעם שיין פון גרויען טאָג־ליכט
די מחתנים — מתים אלע.

וועקט פון שלאָף זיך אויף אַ האָהן וואר־ערגעץ —
בילט אַ הונד וואָס הערט דעם צימבעל קלינגען —
וואקסען פון דער ערד ארויס מיט פאָהנען
קארליקלאָך, וואָס דרעהען זיך און זינגען,

קוק איך אויף די קארליקלאָך וואָס זענען
נישט־געבעטענע, אהער געקומען.
זעה איך פריצים אויך אין יום־טוב־קליידער
אין די הענד מיט קרענץ פון קברים־בלומען.

לעגען זיי די קרענץ מיר אויף מיין קבר —
און זיי צלם'ען זיך ברוסט און שטערען,
הער איך בעטען זיי, מיט קעפּ ארונטער;
מיין נשמה זאָל געלייטערט ווערען.

זויל איך איינמאל עפענען נאך די אויגען —
זויל איך עפעס נאך ביי וועמען פרעגען;
בריינגט מען טויטע מעהר און מעהר צוטראגנען
הער איך גריבער גראבען, בוימער זעגען.

לאזען פוינלען זיך אראפּ, און וויינען
וואס מען טוהט זיי זייער היים פערדארבען
דאכט זיך מיר אז ווי מיין נישטיג לעבען
איז א זינד א שווערע אויך מיין שטארבען.

זויין איך שטיל פאר זיך אליין, און בעט זיך:
מיין נשמה זאל געלייטערט ווערען.
דרעה'ן זיך קארליקלאך אין ראד, מיט פאהנען — — — —
צלם'ען זיך פריצים ברוסט און שטערען — — — —

21.

זוען די מארגען־זון וועט קומען,
וועלען רוישען טייך און מיהלען.
וועלען מארגען־טוי און שטראהלען
זיך מיט בוים און בלומען שפּיעלען.

ווי עס וויינט דער טוי צו־מארגענס
אויף צו־פריה־פערוועלקטע בלומען,
וועט מיין יונגע כלה וויינען,
זוען די מארגען־זון וועט קומען.

זוער ס'עט שפּיעלען זיך מיט קינדער,
זוער ס'עט אקערען די פעלדער,
זוער ס'עט מיט די פוינלען זינגען
אטמענדיג דעם רויש פון וועלדער.

איך וועל אין א הויז א פרעמדען
ליגען, לעבעדיג בעגראבען.

שטום, ווי אויף א טויטען־אינזעל
צווישען פעלזען־ווענט און ראַבען.

דורך דער וועלט די באהנען, וועלען
פאר דעם טאָג פאַראויס זיך יאָגען.
שיפען וועלען איבער ימים,
זיהן צו זייערע טאַטעם טראָגען.

איך וועל מיט א שיף זיך שפּיעלען
וואָס וועט אויף א בלוט־ים ברענען,
און וועט מעהר שוין קיינמאָל, קיינמאָל,
צו קיין ברעג ניט קומען קענען — — —

## א. ראַבאַי

# איינמאל ווען דער זונשטראהל...

---

איינמאַל ווען דער זונשטראהל האָט זיך אוועקגעלעגט אין זיין ציִיט, איבער דער שוועל פון טיר, האָט עדוואַרד זיך דערמאָנט אין זיין לעצטער פליכט פון טאָג און איז ארויסגעגאנגען אויפצוזוכען זיינע רויטינקע אָקסלאָך. ער לאָזט זיי ארויס אלע מאל אין דער פריה איבער זיינע פערצוימטע לאַנקעס, אז זיי זאָלען זעהען די ליכטיגע וועלט און האָט ניט מורא אז זיי זאָלען פערבלאָנדזשען, ווייל איינמאַל וועלען זיי ניט וועלען אַוועק פון דער היים און צווייטענס קענען זיי ניט אוועק אין דער פרעמד, וואָרים די צוימען ארום די לאַנקעס זיינען נאָך אויסגעלעגט געוואָרען פון עדווארד'ס פאָטער, הויכע און שטארקע. זיין פאָטער האָט זיי אַזוי אויפגעשטעלט, אז די צוימען קענען נאָך אַזוי שטעהן איבער הונדערט יאָהר, און ערשט דעמאלט וועט זיי דער ווינד ניט קענען אויסבויגען, כאטש געבויט האָט זיי זיין טאטע נאָר אין אָבענדביים לבנה שיין.

ווי האָט עס זיין פאָטער געקענט ארבייטען א גאַנצען לאַנגען טאָג און נאָכדעם אין אבענד ערשט ארויסגעהן פון הויז און ביים לבנה שיין אויפשטעלען אַזוינע שעהנע און גלייכע שטיינערנע צוימען ?

נאָר דאָס, וואָס עדווארד האָט ניט געקענט פערשטעהען, האָט ער טאקע ניט פערשטאנען קיינמאָל ניט. אָבער צוימען הויכע שטיינערנע און אייביג שטארקע האָט נאָר איין עדווארד ארום זיינע לאַנקעס; די בעסטע גראזען פון זיינע פעטע לאנקעס האָט שוין עדווארד אָפגעשניטען און אריינגעלעגט אין מאגאזין אריין, טרוקענע און שמעקעדיגע. און דער זומער איז שוין באלד, באלד אריבערגעפלויגען און מען וועט זיך שוין ניט דאַרפען דרעהען דעם קאָפּ, ווי אַזוי אויסצובעהאלטען זיך אליין פון אַ טאָג א לאַנגען מיט ארבייט. עס וועט קומען ווינטער מיט די קליינינקע טעג, און עדווארד וועט אויפשטעהען אין דער פריה, געבען די אקסלאך פרעסען און טרינקען,

אפּקאָכען פאר זיך א מאָהלצייט און אפּעסען. דערנאָכדעם, אויב עס וועט זיין שעהנע טעג, ארויספיהרען די אָקסלאך איינגעשפאנט אין א קליינעם יאָך און זיי אָנהויבען צו לערנען, דאָס וואָס איין אקס בעדארף וויסען.

און איידער עדוואַרד וועט זיך טאָן א קוק ארום וועט שוין דער טאָג זיין פון יענער זייט וועלדער. וועט ער שוין כאפּען די האק, אָנ־שפּאַלטען עטליכע שייטלאך האָלץ און אריינטראגען אין הויז א פריי־שען עמער מיט וואסער, און נאָכ'ן מאָהלצייט זיצען דעם גאנצען אָבענד ביים אויווען, רויכערען און אלע מאָל. אריינוואַרפען א שייט האָלץ אין אויווען.

איז וואָס זשע, האָט ער טאקע צו זארגען? געהט זיך אזוי עד־וואַרד איבער זיינע לאָנקעס און רופט אויף זיין שטייגער די רוי־טינקע אָקסלאך און עס וואונדערט איהם, וואָס זיי לאָזען פון זיך ניט הערען. מאַלע וואָס עס קען זיך זיי פערגלוסטען אַפּצוטאָן.

עדוואַרד קען זיך ניט איינהאַלטען פון צו טאָן א קייקעל ארויס א געלעכטער, ווען ער דערמאַנט זיך נאָר, ווי אזוי ער האָט זיי אמאָל געפונען מיט זייער קליינעם יאָכעלע פערפּלאָנטערט אין די צווייגען פון א נידריגען בוים. איינער שלעפּט אהין און דער אנדערער שלעפּט אהער. נאַרישע אָקסלאך. צו אַלעמען האבען זיי שכל, נאָר זיך א קעהר צו טאָן אין א זייט און ניט אריינשלעפּען א בוים מיט נידריגע צווייגען צווישען זיך, צו דעם איז קיינער נישטאָ אין דער היים.

אזוי האָט עדוואַרד זיך געקייקעלט פון געלעכטער און באלד אויפגעהערט און זיך בארעכענט, אז אפשר בעדארף מען נאָר לאכען פון איהם אליין, פאר וואָס ער לאָזט ארויס יונגעקע אקסלאך אָנגע־טהאָן מיט א יאָכעלע אויף די לאָנקעס און וועלדער.

וואָרים, וואָס א שטייגער וואָלט ער געטאָן, ווען גאָט זאָל אויס־היטען, די אקסלאך זאָלען זיך אזוי אין ערגעץ פערפּלאָנטערען און איינער דעם אנדערען דערווארגען. וואָס וועט איהם דעמאָלט אי־בערבלייבען און וועמען וואָלט ער געהאט אוועקצוגעבען די שמעקע־דיגע היי. אז, פערקויפען א פרעמדען און נעמען געלד, האָט ער ניט וועמען דאָס געלד אוועקצוגעבען אויף צו בעהאלטען.

הויבט ער שוין אָן צו ווערען אונרוהיג, פארוואָס ער טראַכט גאָר, בעהיט גאָט, פון אַזעלכע זאכען. ווייל עס וואָלט דאך אויסגע־

וויזען ווי גאָט האָט ביי איהם אלעמען צוגענומען.

מילא, דעם טאַטען מיט דער מאַמען אוועקגענומען, שוין אַלטע מענשען, קריינקליכע. וויל מען, פערשטעהט מען ניט, און וויל מען פערשטעהט מען א ביסעל. אָבער, די אָקסלאַך, דאָס זיינען ווי צוויי קליינע קינדערלאַך, וואָס קושען דיך אין באק אריין מיט זייערע צינגער און קיצלען דיך אין די זייטען אריין מיט זייערע קליינציגע, שפּיציגע הערנערלאַך, און טרעטען דיר אָן אויף די פיס מיט זייערע צושפּאָלטענע האָפען. און עס וואונדערט דיך, וואָס זיי כאַפּען אזוי שנעל ארונטער זייערע האָפען און קוקען דיך אָן מיט זייערע אויגען, ווי זיי וואָלטען דיך איבערבעטען, אז זאָלסט ניט זיין ברוגז. א סימן אז זיי האָבען ניט געמיינט קיין שלעכטס: זיי שטרעקען באַלד אויס זייערע העלזער צו דיר, אז זאָלסט זיי קראַצען אין דער גאַנצער לענג פון דער הינטערשטער ליף ביז העט הינטער די פאָדערשטע פיס.

אָט די צוויי קליינע קינדערלאַך, וועלכע ער זעהט גאַר ניט אז זיי זאָלען וואקסען, נאַר זיי וועלען דאָך, פּלוצים, טאָן א וואקס אויס און ווערען גרויסע, ברייטביינינגע מיט לאַנגע פערדרעהטע הערנער און מיט טיעפע העלזער, וועלכע ווילען אראָפּהיינגען צווישען די ברייטצושפּרייטע פיס, וועלען שוין זיי דאמאָלט טראָגען דעם שווע־רען הילצערנעם יאָך, וועלכער איז עדוואַרד'ן געבליבען נאָך פון זיין טאַטען.

וועלען זיי טראָגען דעם דאָזיגען יאָך אויף זייערע גראָבע פער־שטיינערטע נאַקענס. עדוואַרד וועט נאָכגעהען נעבען זיי ביי דער זייט, אז גאָט אליין וועט איהם מקנא זיין.

און כאָטש עדוואַרד שמעקט קיינמאָל ניט אריין אין גאָט'ס הויז און די שכנים האַלטען איהם פאַר ניט קיין גלויביגען, פונדעסטווע־גען האָט ער זיך זיין אייגענע קבלה:

„אז עס איז געוועזען עמיצער, וואָס האָט געמאַכט די ערד און הימעל, בערג און טאָהלען, וועלדער און טייכען, און אָט יענער עמי־צער האָט געמוזט זיין איין איינגעשפּאַרטער בחור, ווי זיין פאָטער איז געווען איין איינגעשפּאַרטער, און געמאַכט שטיינערנע צוימען ביים לבנה שיין. געמאַכט די צוימען און זיי איבערגעלאָזען, אז מען זאָל זיי זעהען און געדיינקען, אז ער איז דאָ אמאָל געוועזען—“

וואָס עס וועט עדוואַרד נאָך זיך איבערלאָזען, — טראַכט ער־

וואַרד זעהר ווינציג, און אויב ער הויבט יאָ אמאָל אָן צו טראַכטען און צו וועבען זיינע געדאַנקען, קומט דעמאָלט ביי איהם אַרויס עפּעס אַזוינע גרויסע זאַכען, וואָס גאָט ווייסט, צו ער וועט זיי קענען אמאָל ענדיגען, איידער זיי וועלען איהם ניט נמאס ווערען און ער וועט אוועק אהין, דאָרטען וואו זיינע זעליגע פאָטער און מוטער זיינען אוועק.

עס איז דאָך אַזוי קלאָהר, און עדוואַרד וויל זיך אליין ניט נאַרען.

וואָרים, אַזאַ קליינע זאַך, ווי אַ שטייגער, אז עס מאַכט זיך איינער פון די דיקע הילצערנע טויערן, צופוילט זיך און אַ שטאַנג ברעכט זיך איין. איז, אַט אַזאַ קליינע זאַך, אַרויסצוגעהען אין וואַלד אריין און אויסהאַקען אַ נייעם שטאַנג, איז עדוואַרד נישטאָ אין דער היים.

וואָס קען ער טאָן אז ער פוילט זיך?

און אַט, יענער טויער וואָס ביים וועג, איז שוין עטליכע מאָל איינגעפאַלען. עדוואַרד געהט אַלע מאָל עפּעס ווי אַ פרעמדער פערביי, שטעלט זיך אָפּ, קוקט און קוקט און שטעלט אויף דעם טויער ווי סע ניט איז, אַ צוזאַמענגעקלאַפּטען, ווי מיט שפּייעכץ, און האָט מורא איהם אַ ריהר צו טאָן, אז ער זאָל באַלד ווייטער ניט איינפאַלען.

און אַט יענער טויער, וואָס ביים וועג — צום טייפעל!

צו וואָס האָט זיין טאַטע געטויגט אַזוי פיעל טויערן, ווען ער האָט געמאַכט די שטיינערנע פּלויטען? קוק נאָר, ווי דער טויער, דער פערשאָלטענער, וואָס ביים וועג, איז שוין ווייטער איינגעפאַלען. די רויטינקע אקסלאָך זיינען זיך אַריבערגעגאַנגען און ערגעץ אוועק מיט דעם וועג. וועך ווייסט וואוהין, און וואו וועט ער זיי געפינען.

עדוואַרד האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען און דערזעהען פון איבער דעם פּלויט, אויף דעם וועג עפּעס אַ רויטען פלעק.

האָט ער זיך דערפרעהט און ניט געוואָלט גלויבען זיינע אייגענע אויגען. די אקסלאָך קען זיין, זיינען דאָרט דאַ אויפ'ן וועג.

עדוואַרד איז גיך און פאַרזיכטיג צוגעגאַנגען צו דעם איינגעפאַלענעם טויער. איז פּאַוואַלינקע אַרויס צום וועג און זיך דער־

שראַקען.

ער האָט דערזעהען אַ פערד מיט אַ לייכטען וועגעלע. דאָס וועגעלע איז געשטאַנען אויסגעקרימט אויף אַ זייט. ביים וועגעלע אַ פרוי, וואָס קוקט אויף אַ רעדעל. די פרוי טראָגט אַ הוט מיט אַ רויטען פעדער און מיט רויטע בלומען בעפּוצט, איז אַ הויכע און אַ דינינקע. זי האָט נאָך עדוואַרדען ניט בעמערקט.

האָט ער זיך באַרעכענט און איז צוריק אַריבער דעם איינגעפאַלענעם טויער. און ווייל ער האָט זיך שטאַרק געהיט, מיט אַ פוס אַ ריהר געטהאָן אין אַ שטאַנג, דאָס שטיק האָלץ האָט זיך אַ שטויס געטאָן אין שטיינערנעם פּלויט.

און באַלד האָט עדוואַרד דערהערט ווי מען רופט איהם. קיין ווינד איז ניט געוועזען אין דרויסען, האָט דאָס קול געקלונגען, ווי נאָהענט נעבען איהם, איז זי שוין, יענע פרוי. האָט ער אַ פערציטערטער זיך אומגעדרעהט.

די דינינקע פרוי איז שוין געשטאַנען אין אָפענעם טויער, ווי איין אויסגעוואַקסענער שעהנער בוים.

איז ער פּאַוואָלינקע, מיט פערלוירענע אויגען, צוגעגאַנגען און זיך אומבעוואוסט אַ נויג געטהאָן און געשוויגען. זי האָט איהם בעקוקט און האָט זיך אַ דרעה געטאָן און אוועק צו דעם פערד און וועגעלע.

עדוואַרד איז איהר נאָכגעגאַנגען און דערווייל געזעהען, ווי איהר דינינקע פּלייצע בויגט זיך און אַז ער האָט דערזעהען איהרע קליינע שיך, האָט ער רחמנות בעקומען אויף דער מיידעל און זיך געוואונדערט ווי אַזוי זי האָט זיך געקענט לאָזען אין וועג אַריין איינע אַליין.

און אַז ער האָט דערזעהן, ווי זי האָט אָנגעהויבען אַרומצוציאַגען זיך אַרום פערד און אַרום וועגעלע און זי שטעלט שוין אַן אַ פוס אַרויפצושפּרינגען אין וועגעלע אַריין, האָט ער שטאַרק מורא בעקומען און איז גיך צוגעלאָפען, מיט ביידע הענד אָנגענומען דאָס וועגעלע און אָנגעהויבען זיך צו פערענטפערען און בעטען ביים מיידעל:

— מיט אַ צובראָכענעם רעדעל טאָר מען זיך ניט לאָזען אין וועג אַריין.

האָט זי זיך דערבאַרעמט אויף איהם און אויפגעהויבען די אוי-

נען, זיך בענגענט מיט זיינע אויגען. ביידע האבען זיך אוועקגע־
כאפט זייערע אויגען איינער פון אנדערן.

נאר זי האט מיט א דינינקען שמייכעלע געזאגט צו דער ערד
קוקענדיג :

— א רעדעל האט זיך גאר פלוציש אט א דא אין מיט וועג צו־
בראכען.

און זיך באלד פארשעמט. זאל זי זיך שעמען, האט עדוואַרד
געטראכט און דערווייל בעקוקט דאס צובראכענע רעדעל, פאוואלינ־
קע איבערגעצעהלט אלע שפאקען פון רעדעל, און אז ער האט דער־
פיהלט זיין געוועהנליכע רוהיגקייט אין זיינע אויגען, האט ער זיי
אויפגעהויבען צו דעם מיידעל און זי געפרעגט :

— נאך ווייט צו פאהרען ?

און ער פרעגט עס דערפאר, ווייל דער פערד איז איהם א פרעמ־
דער, ווייזט אויס פון א ווייטען ארט.

האט דאס מיידעל, מיט איהר לאנגער האנד און ווייסע, לאנגע
פינגער אנגעהויבען אויסצומאהלען אין דער לופט : צי ער ווייסט
דעם וועג, וועלכער ברייננגט צו די פלאנדערס. איז דארט פאראן א
בריקעל איבער א ריטשקאלע. פון יענער זייט בריקעל נעמען זיך
אוועק צוויי וועגען. איינער רעכטס און איינער לינקס, איז מיט דעם
לינקען וועג פאהרט מען אוועק גלייך צו זיי א היים.

עדוואַרד האט געשאקעלט מיט זיין קאפ, כאטש ער האט גאר
נישט געהערט, ווייל ער האט זיך פערטראכט אויף דער מיידעלס
לאנגער האנד מיט איהרע ווייסע פינגער, און געזאגט : אז זי זאל
איהם ניט איינריידען, אז אזוי ווייט קען מען פאהרען מיט דריי
רעדלאך, און שרעקען איז זיך אויך נישטא פאר וואס, ווייל ער וועט
ערשטענס איהר אנטלייהען א רעדעל אויב ער האט נאר אזא, און
אויב ניט וועט זי ניט פערפאלען ווערען. אט אזוי האט עדוואַרד
גערעדט צום מיידעל.

און כאטש ער האט גוט געוואוסט, אז ביי זיין טאטענס טאטען
און זיידע ער איז אליין צו זיין שכל געקומען, האבען זיי נאר געהאט
גרויסע אקסענוועגענער, פונדעסטוועגען, איז ער אוועק א היים, לוי־
פענדיג איבער זיינע לאנקעס, ווי א הירש. האט פון זיין גרויסען
וואגען אראפגענומען א ראד און איז מיט דעם אוועק דורכ'ן וועג,

קייקלענדינג דאָס ראָד פאַר זיך און פּאַטשענדינג עס מיט זיין גרויסער דאַלאָניע.

און אַז דאָס מיידעל האָט דערזעהען דעם גרויסען ראָד, וואָס דער מאָדנער מענש קייקעלט, האָט זי געטהאָן אַ פּאַטש מיטביידע הענט און זיך אָנגעהויבען צו בויגען, טאָ אַהין טאָ אַהער און גע־לאַכט, פון וואָס עס האָט עדוואַרד'ן ניט אָנגעהויבען צו פערדריסען.

פאַרקעהרט, ער האָט אַרונטערגענומען דאָס צובראָכענע רע־דעל פון וועגעלע און אָנגעמאָסטען דעם גרויסען ראָד זיינעם אויף דער דינינקער אַקס, אָפּגעטראָטען אַ ביסעל ווייטער פון וועגעלע און געכאַפּט אַ בליק צו דער מיידעל, וואָס האָט איהם איצט אויסגע־וויזען בלאַס און געזאָגט:

— אַביסעל גרויסלאַך, קיין אַנדער רעדעל האָב איך ניט.

— אַזוי, האָט איהם ניט קיין אַנדער רעדעל, וועל איך דאָך מוזען איבערנעכטינען ביי אייך — רייצט זיך דאָס מיידעל און לאַכט ווייטער.

נאָר עדוואַרד הערט ניט איהר געלעכטער און זאָגט: אַז דאָס, וואָס עס געהער זיך אָן איהר איבערנעכטיגען, איז דאָס דאָך אַזאַ זאַך, וואָס מען קען ניט איבעראַנדערשען. אָבער:

— מילא, דאָס פערד וועט שוין האָבען דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע. נאָר וואָס וועט איהר עסען? עס איז דאָך נישטאָ ווער עס זאָל עפּעס אָפּקאָכען אַ לייטישען מאָהלצייט, אָבער איך בעט אייך, זאָרגט ניט — כאַפּט זיך עדוואַרד צוריק, זעהענדיג ווי דאָס מיידעל האָט זיך פערוואָלקענט.

און אמת, דאָס מיידעל איז געוואָרען אונרוהיג און גיך אַ פרעג געטאָן ביי עדוואַרדען:

— איז אייער ווייב נישטאָ אין דער היים, צו איז ביי אייך דאָס ווייב, בעהיט גאָט אוועקגעשטאָרבען?

— ניין, מיידעל, איהר בעדאַרפט זיך ניט נעמען צום האַר־צען. מיין ווייב איז נאָך חלילה ניט געשטאָרבען און איז אין ער־גען נישט אוועקפאָרען, נאָר גלאַט אַזוי. איך האָב נאָך מיט קיין ווייב ניט חתונה געהאַט. אַליין אַ בחור. עס דאָס וואָס איך קאָך אַליין פאַר זיך. און אויב אייך וועט ניט פערשמעקען מיינע עסענס...

אָבער זי האָט איהם ניט געלאָזען ענדיגען און איז איהם פּלוצים

אריין אין די רייד: אז עס איז נישטא פון וואס צו ריידען. ווייל וואס מען עסט איז גוט, און ביי איהר מאמען, ווייסט זי דען ניט, ווי אזוי מען בעדארף מאכען א מאהלצייט. טאקע פון גארניט, מאכט מען אמאל א געקעכץ—איז דאס זעהר געשמאק. יא, וועט זי היינט אבענד אויף מאכען עפעס א מאכל. עס זאל נאר ביי איהם זיין גע־נוג האלץ אין הויז. ווייל ביי זיי אין דער היים, פוילט זיך דער פא־טער צו האקען האלץ.

— כע, כע, נאך דאס זאל ביי מיר ניט זיין. האלץ איז ביי מיר תמיד דא אנגעהאקט א גאנצער בארג — האט עדווארד זיך בע־ריהמט און דערווייל שוין געפיהרט דאס פערד ביים צוימעל, צו זיין הויז.

דאס מיידעל איז נאכגעגאנגען ביי דער זייט און זיך געגרייט צום שפיעל, היינט אבענד און אויך געזאמעלט תרוצים פאר דער מאמען איהרער. פאר דעם טאטען האט זי גאר קיין מורא ניט גע־האט. וואס איז, ער מעג אוועקגעהען אמאל אויף גאנצע טעג און אנ־אנדער מאל אויף גאנצענע נעכט אויך. טאר, וואס האט זי פאר איהם מורא צו האבען.

אבער פאר דער מאמען, וועט דאס, וואס דאס רעדעל האט זיך צובראכען, קיין פערענטפערונג ניט זיין. און אפשר יא. עס איז זעהר גוט וואס עס ווערט שוין נאכט און אויף וויפיעל וועט זי שוין בעדארפען ליגען זייגען. פון זונזעצען ביז שטאק פינסטער איז ניט זעהר ווייט...

אט אזוי האט דאס מיידעל אלץ געטראכט אי פון זיך, אי פון דער מאמען, ביז עדווארד איז צוגעקומען צו זיין הויז און האט איהר אנגעוויזען אויף דער אפענער טיר, אז זי זאל אריינגעהן דערווייל אין הויז אריין.

ער איז געבליבען אין דרויסען. אויסגעשפאנט דאס פערד. דעם אלטען כאמעט זעהר פאמעלעך צונויפגעלעגט און די לייצעס שעהן פערשלייפט. און דאס פערד אנגענומען ביי דעם בינטעל האר, וואס פאלט ארונטער פון צווישען די אויערען איבער דעם שטערען, און אזוי איהם אוועקגעפיהרט צום שטאהל, וואו ביי דער אפענער טיר האט דאס פערד ניט געוואלט אריינגעהען.

עדווארד האט איהם געשלעפט און זיך זעהר געוואונדערט, וואס

מיט דעם דאָזיגען פערד איז פּלוצים געווארען. פאר וואָס וויל דאָס ניט ארייננעהןע אין שטאהל. ער האָט אויף איהם סאַ געשריי געטאָן. דאָס פערד האָט זיך אבער איינגעשפּארט מיטביידע פיס אין דער ווייכער ערד און געצווינגען זיין וואָג אויף צוריק.

האָט זיך עדווארד אָנגעהויבען צו בעטען ביים פערד און איהם מיט איין האנד געהאַלטען שטארק ביים בינטעל האָר און מיט דער אַנדערער האנד דאָס פערד געגלעט איבער דעם פּנים. ער וועט דאָך ביי איהם זיין זעהר א גוטער גאַסט און ניט זיין צוגעבונדען אין ערגעץ ניט איבער נאַכט. און ער וועט זיך קענען שטעהען דאָרט אַז ביים היי און עסען וויפיעל דאָס הארץ וועט גלוסטען.

אַזאַ נארישען פערד האָט נאָך עדווארד קיינמאָל ניט געזעהען און ניט געהערט. רייד און רייד צו איהם און דאָס האָט זיך איינגע־שפּארט און עס וויל ניט ארייננעהען אין שטאהל.

און אפשר איז טאָקע אַ פּלאַן, אז ווי באלד אין דער היים, דער רוח ווייסט וואו. פון יענער זייט בריקעל, איז דעם דאָזיגען פערד בעסער צו נעכטיגען, נאָ, זאָל ער זיך געהען געזונטערהייט א היים. אין דרויסען ווערט שוין סיי ווי פינסטער, און עדווארד האָט נים נע־טראכט אפילו אַ פרעג צו טהאָן ביים מיידעל, נו, האָט טאקע דאָס מיידעל פון נאָר ניט געוואוסט.

נאָר, ווען זי איז נאָר אריין צו עדווארד’ען אין הויז און איהר גרויסען ברייטברימיגען הוט ארונטערגענומען פון קאָפּ, האָט זי איהם ניט געהאט וואו אוועקצולעגען. כאָטש עדווארדס הויז איז געוועזען אַ גרויסע פון דרויסען, אבער אינעווייניג האָט דאָס מיידעל נאָר איין צימער פאר זיך געזעהען. אין צימער איז געשטאנען א גרויסער איי־זערנער אויווען ביי איין וואנד און דער לאַנגער, שמאָלער קוימען פון אויווען איז געוועזען ארייננעצויגען אין דער וואנד אריין, און ביי דער קעגענאיבערדיגער וואנד שטעהט א בעטעל, א קליינס און אַ נידריגס, אין וועלכען עס איז אָנגעווארפען קישענס און רעקען. און ביי דעם דריטען וואנד איז אַ טישעל, פערשטעלט מיט טעפּ־לאָך, פלעשער און איינאיינציגען טעלער מיט אַ טיעפען דנאָ און פערווארפען מיט איבערבלייבכצען פון שטיקער קארטאָפליעס און שאָלאכין פון אייער און פערטרוקענטע קרישקעס ברויט. קיין ביינ־קעל איז אין צימער ניט געוועזען. און חוץ דער דרויסענדיגער טיר

איז נאָך געוועזען איינע אַ פערשלאָסענע מיט איין הייננענדיגען שלאָס.

נאָ, איז דאָך די טיר פערשלאָסען. האָט זיך דאָס מיידעל ארומ־געקוקט און אוועקגעלעגט איהר הוט אין אַ ווינקעל אויף דער ערד אָנגעשפּארט אין דער וואנד. און אזוי ווי עס איז שוין טאָקע גע־וואָרען פינסטערלאך, האָט זי אָנגעצונדען דעם לאָמפּ. איז דאָס גלעזעל פון לאָמפּ אזוי שווארץ געוועזען און אָנגערויכערט אז זי האָט עפּעס רחמנות בעקומען אויף דער גאנצער נארישער וועלט. זי האָט געכאפּט עפּעס אַ שמאטע פון בעט און אויסגעווישט דאָס גלע־זעל און דעם לאָמפּ אליין אויך ארומגעווישט.

מיט אַ ריינעם לאָמפּ און אַ ווייסינקען גלעזעל איז טאָקע אין צימער געוואָרען ליכטיג. זעהט דאָס מיידעל אז דער דיל אין דעם צימער איז געמאכט פון ברעטער. אבער ער איז אזוי אָנגעפּאָפּט מיט בלאָטע, אז מען קען מיינען, אז דאָס איז איין ערדענער דיל. און אויסקעהרען איז נישטאָ מיט וואס. האָט דאָס מיידעל דערפאר דאָס בעטעל צוגעראמט און די קישעלאך צונויפגעלעגט און פער־שפּרייט פון אויבען מיט אַ דעק פון וועלכער עס האָט געשמעקט מיט רויך און ערד. שעהן פערשפּרייט, אז עס איז שוין געוועזען איין אָרט, וואו זיך אוועקצוזעצען, און אויב מען וויל קען מען דאָך זיך אוועקלעגען אָפּרוהען.

אָבער דאָס מיידעל איז ניט נעוועזען מיעד. זי האָט ארונטער־געראמט פון טישעל אלע טעפּלעך און פלעשער און זיי אלע צונויפּ־געלעגט אין איין גרויסען טאָפּ. דעם טאָפּ אָנגענאסען מיט וואסער און איהם אוועקגעשטעלט אויף דעם אויווען.

איז שוין דאָס טישעל אויך געוואָרען ריין און דער לאָמפּ איז געשטאַנען פונקט אין דער מיט טיש.

נאָכדעם האָט זי אָנגעלעגט קליינע שטיקלעך האָלץ אין אויווען און זיי אונטערגעצונדען. דאָס האָלץ האָט באלד ניט געוואָלט ברע־נען, אָבער זי האָט זיך איינגעשפּארט, אז זיי מוזען ברענען און זיי האָבען טאָקע נעבעך געמוזט ברענען.

פון דרויסען טיר, וועלכע איז געוועזען אָפען, האָט ארייננע־קוקט דער קיהלער אָבענד. האָט דאָס מיידעל נעטהאָן אַ פּראל מיט דער טיר גלייך דעם אָבענד אין פּנים אריין.

פארמאכט די טיר, און אין אוייוועז ברענט און דאס גלעזעל פון לאמפ איז א ריינע, ווערט אין צימער ליכטיג און ווארעמלאך. עס הויבט אן שמעקען מיט ערד פון דעם דיל. דאס מיידעל איז ניט מיער נאר עס ווילט זיך איהר עפעס עסען.

און די קארטאפליעס וועלכע שטעהען נעבען אויוועז אין א קעסטעלע צושמעקען זיך איבער דעם צימער. נעמט זי א טעפעל און פולט עס אן מיט קארטאפלעס און דערגיסט מיט וואסער און שטעלט עס אוועק אויף דעם אויוועז, זאל זיך עס דערווייל קאכען.

און אזוי ווי עס איז ניט געווען עפעס מעהר וואס און מיט וואס צו טהאן, האט זיך דאס מיידעל אוועקגעזעצט אויף דעם בעט־טעל און געקוקט אויף די נאקעטע ווענד. וואו ניט וואו א גרויסער צוואק אין דער וואנד און זי האט זיך דערמאנט אין דעם מאדער־נעם מענשען. וואו איז ער ערגעץ אהינגעקומען? וויפיעל דארף עס נעהמען אויסצושפאנען א פערד און איהם אריינגעהמען אין שטאהל.

איז זי שוין געוועזען ביידע זאכען:

אי הונגעריג און אויך אונרוהיגלאך. נאר צו וועמען אויס־צורעדען א ווארט איז ניט געווען. איז זי געזעסען און בעטראכט די גרויסע צוועקעס וואס האבען וואו ניט וואו נעשטעקט אין א וואנד און געווארט, אז דער מאדנער מענש זאל אריינקומען.

עדווארד ווידער, ווען ער האט געטאן א קוק אז דאס פערד וויל ניט אריינגעהן אין שטאהל און אז אין דרויסען ווערט שוין סיי ווי פינסטער, האט ער זיך בארעכענט און אפגעלאזען דאס בינטעל האר פון זיין האנד. דאס פערד האט זיך געטהאן, שטעהענדיג אויף ביידע הינטערשטע פיס, א דרעה אויס מיט די פאדערשטע פיס און אנגעהויבען צו לויפען.

דאס פערד האט שוין געוואוסט, וואוהין עס לויפט און האט אלע מאל געכאפט א קוק אהינטער צו עדווארד'ן, וועלכער איז איהם נאכגעלאפען און געפאטשט מיט ביידע הענד.

דאס פערד האט אבער ניט געוואוסט, וואס דער פרעמדער וויל מיט זיין נאכלויפען. צי וויל ער איהם כאפען — האט ער שוין אמאל געכאפט דעם ווינד אין דרויסען? צי וויל ער איהם אוועקטרייבען, — ווער וויל דען זיין איבערנאכט אין א פרעמדען שטאהל?

אט אזוי איז עדווארד נעלאפען נאך דעם פערד א שטיקעל

צייט און דערנאכדעם זיך דערמאנט אין דעם מיידעל און ער האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין הויז א שפּרינגענדיגער, אזוי ווי א קינד וואס לויפט אקעגען זיין מאמען, און ער האט גאר ניט געטראכט, וואס עס וועט ווערען פון דעם, ווען דער פערד וועט דארטען א היים קומען צו דער מיידעלס פאטער און מוטער. און ער האט אויך ניט געטראכט, וואס ער וועט וועגען דעם זאגען דעם מיידעל אליין, און אין זיינע רויטינקע אקסלאך האט ער גאר און גאר פארגעסען.

נאר ער איז אריין אין הויז עפענדיג און פארמאכענדיג די טיר מיט א ברייטען פראל און א געשריי געטהאן:

— גוטען אבענד דיר מיידעל, ווי דו הייסט דארטען, גיב אהער עפּעס עסען!

אט אזוי ענדיגט זיך דער אנפאנג פון א ראמאן.

## ז. ווײנפער.

# אויף די וועגען פון אוקרײנע.

---

**מײן שוועסטער חנה'ן א מתנה.**

א לאנגער שטילער וועג און הויכע בוימער ביי די זייטען —
ווי גוט וואלט זיין דא אויף א פערד פאוואליע רייטען
און לאזען אין דער ווייטער־ווייט אוועק די אויגען.
און וואלט מיט רעש פון וואו א פויגעל אנגעפלויגען
וואלט איך א „הוק"! געטהון אויף איהם, דעם פויגעל, דעם
פערשייטען
און וואלט זיך ווייטער אויף מײן פערד פאוואליע לאזען רייטען.

א שטײן. איך געה א מיעדער צו און פאל אויף איהם אניעדער.
פון וועג און שטײנער זיינען מיעדע אלע מײנע גליעדער
איך שטרעק די הענט אויס צו א בוים און גיב א ריהר די צווייגען
און א גערויש לויפט דורך און באלד א טיעפער שווייגען
נעמט אלץ ארום דעם בוים און מיך, און אויך דעם וועג, דעם ווייטען.
ווי גוט וואלט זיין דא אויף א פערד פאוואליע רייטען.

.2

א דארף. בעזונדער ליעגען זיך די חאטקעס דא און דארטען.
א קלויסטער שטעהט אינמיטען פון א גרויסען, גרינעם גארטען.
די זון געהט אויף. און אויף'ן קלויסטער שפיעגלען זיך די שטראהלען
און פון די גרוי מיט מאך באדעקטע שטאלען
די שקצים מיט די בייטשען אין די הענט — כמעט נאך קינדער
צופיערען אין די טשערעדעס די פעטע שאף און רינדער.

דו געהסט פארביי און שטויביג גרויע זיינען דײנע קליידער.
א פויער גריסט דיך, באלד א צווייטער און אזוי כסדר.

עס קומט א גויע מיט א קרוגעל פרישע וואסער דיר אנטקעגען.
בעגריסט דיך גוטמוטהיג און נעהמט דיך פרעגען —
וואוהין דו געהסט און אויב דו ווילסט זיך אויסרוהען דו מיעדער —
אין שטוב איז ברויט געגוג פאר׳האן און אלע זיינען ברידער!

.3

פיער גרויסע אויסגעוויסטע ווענט און אלץ איז דא צוזאמען —
דער טיש, דאס בעט און אויף די קיך, און אין געפארבטע ראמען
פון הייליגע די בילדער זיינען אויף די ווענט צוהאנגען —
„אמאל איז דורך א פעלד א הייליגער וואוהין געגאנגען,
האט איהם אין מיטען וועג א ווילדער לעמפערט אנגעטראפען
איז באלד דער לעמפערט פאר זיין הייליגקייט אין װאלד אנטלאפען.

און יעזוס קוקט אויף מיר מיט זיינע שטילע, קראנקע אויגען
זיין יונגער קאפ איז מיט א קראנץ באדעקט, און צוגעבויגען
צו זיינע פיס א פרוי ווישט אב דעם שטויב פון זיינע קליידער,
און איך דערזעה זיך מיט אמאל א אינגעלע אין חדר —
דער רבי — גלייך ער וויל ניט ועמען פון׳ם שלאף אויפוועקען
דערצעהלט אונז עפעס שטיל, און קלויסטערס שרעקען אונז און
שרעקען.

.4

קארטאפלעס מיט דער שאל. עס טראגט א פארע זיך פון אויבען
און ברויט טראגט אויף די גויע צו און הערט ניט אויף צו לויבען, —
ווי גוט עס איז ביי איהר צוליעב מיר אלץ געראטען
און אויב איך וויל וועט זי פאר מיר אויף אייער לעגען בראטען.
א שיקסע קומט אריין און נעמט דער גויע עפעס פרעגען
און זעצט זיך אויף א ווייסע באנק אנידער מיר אנטקעגען.

א געלער הונד האט נעבען איהרע פיס זיך אויסגעצויגען
און ווי דער הונד קוק איך אויף איהר מיט גליהענדיגע אויגען
זי גיט א לאך און בויגט איהר קאפ איין צו די שויבען —
א שעהנער וועטער—זאגט זי—וועט זי געהן היינט שוואמען קלויבען
און אויב איך וויל וועט זי מיך ביז צום שמאלען וועג באלייטען
און מיט די פינגער גלעט זי אויף איהר „סאראפאן" די קווייטען.

**א מעשה מיט א אידען.**

אויף די וועגען פון אוקריינע
צווישען בערגלאך, טהאלען קליינע
ציהען ווייט זיך אלטע וועלדער
ווייטע, ברייטע, ווילדע פעלדער
רייך קאליהרטע און בעוואקסען.
זומער פאשען קיה און אקסען
דארט אוקריינעס הייסע טעכטער
אויסגעצירט אין רויטע בענדער.
קומט א סוחר אן א רעכטער
פון די ווייטע פרעמדע לענדער,
ברענגט א איד איהם באלד צו פיהרען
אויף די פאשע צו די רינדער —
אהן די אידען, יעקב׳ס קינדער
קאן דער האנדעל זיך ניט פיהרען.

פיהרען טאקע אלע פריצים
די מסחרים. דורכ׳ן אידען.
אבער מעהר פון אלע פריצים
איז געוועזען שטארק צופריעדען
„פאן פון דאלסי — גראף יאנקעוויטש"
פון זיין אידען משה הערשען.
פלעגט ווער קומען רינדער קויפען
אדער גאר א פיהרעל קארען
האט געמוזט א פויער לויפען
צו דעם אידען און געווארען
איז אין הויף פון רייכען פריץ
קיינמאל ניט קיין גרויסע קניות
סיי פון רינדער, סיי פון תבואות
אהן דעם אידען משה הערשען.

האט רב׳ משה הערש צופריעדען
זיך געפיהרט אין דארף זיין לעבען,
פלעגען קומען צו איהם אידען

האַט ער עסען זיי נעגעבען,
און דעם קאָפּ אװעק צולעגען
איז געװען פאַר יעדענס װעגען
אַנגעגרייט פון היי, פון פרישען,
װייכע סענ׳קעס און אַ קישען.
האַט אַמאָל אַ מיעדער „געהער"
מיט׳ן זעקעל אויפ׳ן פּלייצע
און אין האַנד אַ קאַשיק אייער
װעגען װאַס געדאַרפט אַן עצה,
פלעגט ער דאַרט אין הויז דאַס קרינגען —
װאו צו געהן און װאו צו לויפען,
װאו אַ פּעלעכעל צו קויפען
און װאו שטיקלאַך אַלטװאַרג ליעגען.

פליעסען אָבער ביי די פּריצים
אין די הערצער הייסע בלוטען —
מוזען אידען מיט די פּריצים
ריידען שטילער און מיט גוטען.
זאָל אַ איד ניט זיין באַשיידען
און נאָר פּרואװען העכער ריידען,
חאַפּט דער גראַף איהם פאַר אַן אויער —
העי דו זשיד מאַשעניק איינער!
שרייט און קריצט ער מיט די ציינער.
און ביים בלוי געפאַרבטען טויער
פון׳ם ברייט געצאַמטען גאַרטען
רייסען הינד איהם די קאַפּאָטע,
שמירען איין איהם דורך אין בלאָטע,
אַט אַזעלכע פּריצים דאַרטען!

און דער רייכער גראַף יאַנקעװיטש
חאַטש בטבע ניט קיין שלעכטער.
פלעגט בעװייזען משה הערשען
אַז אַנטקעגען פּריצים פּעכטער
קאַן ער אויך זיך ניט פאַרשעמען.

פלעגט ער אפט איהם פלוצלונג נעהמען
גאר אומזיסט אין הארצען שלאגען
און זיין בערדעל הארווייז רייסען
אדער גאר איהם נעהמען שמייסען
מיט זיין בייטש און איהם פעריאגען,
אבער אונזער גראף יאנקעוויטש
איז בטבע ניט קיין שלעכטער
שיקט ער זאגען צו דעם אידען,
אז געמאכט האט ער געלעכטער.

איז א הארץ דאך ניט פון שטיינער,
האטש א זשיד מאשעניק טראגט עס
און א לייב פון הויט און ביינער
מעג דאך וועה טהאן ווען מען שלאגט עס —
האט געוואגט דער איד צו זאגען,
אז דער פריץ איז אין שלאגען
צווישען שלעגער גאר א שלעכטער,
אז אנטקעגען שוואכע אידען
איז ער בלויז א גרויסער פעכטער —
האט זיך באלד גענומען זיעדען
היים דאס בלוט פון שטאלצען פריץ,
שרייען האט ער אנגעהויבען,
אז ער וועט ניט מעהר ערלויבען
איהם די גיטער אויסצורויבען.

איז דאך אבער אונזער פריץ
טיעף אין הארצען שטארק צופריעדען
פון זיין אידען משה הערשען —
הערט זיין בלוט אויף באלד צו זיעדען
און ער שיקט א גוי איהם זאגען,
אז ער וועט איהם מעהר ניט שלאגען,
אבער איצט איז ניט געלאפען
אונזער איד שוין צו דעם פריץ,
האט'ס געווען איז פאר איהם אפען

ווי אמאל שוין אלע טהירען.
פעסט האט ער ביי זיך בעשלאסען
מעהר די האנד פון גראף ניט לאזען
צו זיין באַרד זיך צוצוריהרען.

און דערווייל איז די הכנסה
ביי דעם אידען שוואך געווארען,
און צו לעבען אהן פרנסה
ווען מען איז געוואוינט געווארען
פיהרען ברייט אין הויז דאס לעבען
און נאך פרעמדע עסען געבען,
איז געוועזען שווער א ביסעל.
אבער וועט א איד זיך בוינען
פאר א פאן צוליעב דער שיסעל ?
האט די צייט זיך שווער געצויגען
איינגעקנייטשט האט זיך זיין שטערען
און געוואלט האט ער ניט הערען
פון דעם נאמען — גראף יאנקעוויטש.

האט דאס בלוט ביים שטאלצען פריץ
הייסער נאך גענומען זיעדען —
אזא חוצפה פון א אידען ! —
האט געקריצט ער מיט די ציינער
און געוואוסט האט יעדער איינער
פון דער קעכין ביז'ן טרייבער
אז דער יאסני־פאן יאנקעוויטש
האט געהייסען יאש דעם שרייבער
אויפ'ן זשידעק פון דער קרעטשמע
צו די פריצים בריעף צו שרייבען,
אז מען זאל איהם פון די הויפען
ווען ער'ט קומען עפעס קויפען
מיט די בייזע הינט פערטרייבען.

זיינען וואכען זיך געגאנגען
און וואס ווייטער איז געווארען,
אונזער פריץ מעהר געפאנגען
פון א בייזען, שטילען צארען.
זיינען פריינד ביי איהם געזעסען
וויין געטרונקען און געגעסען
איז זיין מויל געווען געשלאסען,
ווי א סוד אין זיך בעהאלטען.
אפט האט ער זיין טיש פערלאזען
און ביים פענסטער לאנג געהאלטען
זיינע שטאלצע פריץ - בליקען
צו די שלאנג-געדרעהטע וועגען,
וואו פערזינקען איז געלעגען
שטיל דאס הויז פון משה הערשען.

און וואס ווייטער וואלט געווארען
פון'ם ברוגז צווישעןביידען —
צו דער איד וואלט מיעד געווארען
איבערטראגען שטאלץ די ליידען,
און וואלט געהען זיך איבערבעטען
קאן איך איצטער שוין נים וויסען,
ווייל געטראפען אז דער פריץ
האט אליין די צאם צוריסען,
וואס איז צווישען זיי געלעגען —
אזא מעשה איז פערלאפען
און אזוי האט דאס געטראפען
אויף אוקריינעס-ווילדע וועגען.

איינמאל געהט זיך אום שפאצירען
אונזער גראף אויף זיינע פעלדער,
זעהט ער ווי די גוים פיהרען
מיט געזאנגען פון די פעלדער
אין די שייערס זיינע תבואות —
טראכט ער פון די גרויסע קניות,

וואָס מען וועט ביי איהם באַלד מאַכען,
און עס הויבט דער גראף יאַנקעוויטש
טיעף אין האַרצען אַן צו לאַכען
פון דעם איינגעשפּאַרטען אידען —
אַ, עס וועט שוין ניט פערדיענען
מעהר דער זשידעק אין די הויפען,
ווען מען וועט דאָרט וואָס פערקויפען —
דאָס וועט ער שוין זיין דערינען!

ווי ער איז אַזוי געגאַנגען
אַ פערטראַכטער אויף די פעלדער,
איז דערווייל די זון פערגאַנגען
און עס האָבען פון די וועלדער
שאָטענס זיך גענומען לעגען.
געהט דער גראף און איהם אַנטקעגען
וואַקסט אַ שטוב אויס פאַר די אויגען
פויל די ווענט און איינגעבויגען,
נור די פענסטער ליכטיג קוקען
אין דער זומער נאַכט דער קיהלער.
הויבט דער פריץ אַן צו רוקען
צו אַ פענסטער זיך אַ שטילער,
ווי אַ גנב אויפגעהויבען
אויף די נעגעל, נעמט ער שיקען
זיינע שטאָלצע פריץ־בליקען
דורך די קליינע, רויטע שויבען:

ברענען לייכטער, חלות ליעגען,
נעהמט רב׳ משה הערש אַ בעכער
רייסט אין דרויסען זיך אַ ניגון
און צוטראָגט זיך העכער, העכער
אינ׳ם רוים און ווערט פאַרשוואונדען.
שטעהט דער גראף און אַנגעצונדען
קוקען זיינע גרויע אויגען —
משה הערשקע! משה הערשקע!

— קלאַפּט זיין האַרץ, און צונגעבויגען
צו דעם פענסטער זעהט יאַנקעוויטש,
ווי דאָס ווייב אין ווייסען קליידעל
שטרעקט די הענד אוים צו דעם בעכער
נעמט ער ברומען הויך און העכער:
— פּסיא־קרעוו — שעלט ער — ווי א מיידעל
מיט פערליעבטע גוטע אויגען
שטעהט צום מאַן זי צוגעבויגען!

און ווי לאַנג עס איז געשטאַנען
ביי דעם פענסטער גראַף יאַנקעוויטש
איז א קריעג ביי אונז פאַרהאַנען —
איינער זאָגט אַז נאָכ'ן קדוש
האָט דער איד דעם גראַף דערזעהען.
זאָגט א צווייטער, אַז געשעהען
איז דאָס שפּעטער. קאָנט איהר גלויבען
סיי דעם ערשטען, סיי דעם צווייטען.
זיכער איז, אַז דורך די שויבען
האָט די נאַכט ביים טיש געגרייטען
צונעזעהען, ווי געזעסען
איז א פרעהליכער דער פּריץ
און צוזאַמען מיט דעם אידען
פון די שבת־פיש געגעסען.

אזא מעשה איז פאַרלאָפען
און אזוי אָט עס געטראָפען
אויף די וועגען פון אוקריינע.

---

# י. עלקין.

## דארט וועט זיין אַ וואלד.

---

שלמה
מאשא : זיין פרוי
מאַן
פרוי.

א צימער, אַ טיהר לינקס, רעכטס א פענסטער פון דרויסען פאר־שטעלט מיט אַ וואַנד. קלייניגקייטען וואָס א צימער פאָדערט.

מאַן און פרוי גרייט אוועק צו געהן.

מ א ש א : הייסט עס אז איהר געהט טאקע אוועק ?
מ א ן : יא, יא, א גוטע נאכט.
פ ר ו י : (קושט זיך מיט מאשא׳ן, געהן אַרויס, מאשא געהט זיי נאָך, שלמה געהט צו צום פענסטער).
מ א ש א : (קומט אריין בלייבט שטעהן, אומעטיג) שלמה !
ש ל מ ה : ? ! . . .
מ א ש א : שלמה !
ש ל מ ה : איך הער רייד.
מ א ש א : (נאָהנט צו איהם) וואָס איז מיט דיר ? ס׳ט גע־זעהן, די זעלבע מענשען, איז מען פרעהליך. מען לאכט . . . וואס איז מיט דיר ?
ש ל מ ה : גאָר נישט, (געהט צו צום טיש).
מ א ש א : (שטיל) אנטלויפסט פון מיר . .
ש ל מ ה : ? ! . . .
מ א ש א : (נאָהנט צו איהם) פארטרוי, פאר מיר, איך בעט דיר.
ש ל מ ה : פארטרויען ? וואָס ?
מ א ש א : א, דאָס אלץ. פון דיין אומעט . . . נו ? (קושט איהם) דו האָסט געציטערט . . . (פאוזע) איז דאָס נישט אמאל

דורך מיר ?

ש ל מ ה : דורך דיר ?

מ א ש א : דו האָסט געציטערט . . . איך בין ניט שולדיג וואָס איך רייד אזוי.

ש ל מ ה : (קושט איהר) לאָז מיך איצט אליין.

מ א ש א : גוט. אויב דו ווילסט. (לאָזט זיך געהן).

ש ל מ ה : מאשא ! (קעהרט זיך אום, ער שפארט אָן זיין קאָפּ אויף איהר ברוסט) דו ביזט דאָך אזא גוטע . . .

מ א ש א: וואָס איז דיר ?

ש ל מ ה : פרעג מיך נישט. לאָז . . .

(שטיל שוויגען)

מ א ש א : ווידער בעזע מענשען ? איך וועל זיי שעלטען, וואָס ווילען זיי ?

ש ל מ ה : ניין, נישט דאָס.

מ א ש א : וואָס דען ? דערצעהל :. . .

ש ל מ ה : איך קען נישט.

מ א ש א : איך וועל אויף דיר קיין פאראיבעל ניט האָבען.

ש ל מ ה : דאָס זיינען נישט קיין סודות, נור אַן אונרוהיגקייט אזא, א קרענק אזא, מאשא.

מ א ש א : איך וועל אַנטהון מיינע מיידלישע קליידער, און די האָר אויף פארקעמען ווי דאן.

ש ל מ ה : נישט איצט.

מ א ש א : האָסט דאָך ליעב געהאט מיך זעהען אין יענע קליידער.

ש ל מ ה : יא, איך האָב ליעב געהאט. (שטיל א ווילע).

מ א ש א : יענעם ווינטער ווען מיר האָבען צוויי טעג נישט געגעסען, ווען איך וואָלט זיי פארקויפט . . האָב איך נישט געוואָלט.

ש ל מ ה : יענעם ווינטער איז דאָס אונזער קינד געשטאָרבען.

מ א ש א : (זעצט זיך) אונזער קינד . . .

ש ל מ ה : ער וואָלט איצט אלט געווען א יאהר 5.

מ א ש א: (וויינט).

ש ל מ ה : נו, נו, גלייכער אזוי . . . בעסער שטארבען קליי־נערהייד. . . אמאל טראכט איך : וואלט איך געשטארבען קליי־נערהייט. אמת : אז מען לעבט ווילט זיך לעבען. אבער ס׳דאך אזוי שלעכט. אזוי פיעל פארלאנגען זיינען פאראן און מען קען עס נישט קריגען.

מ א ש א : אז דו טראכסט אזוי פיעל . .

ש ל מ ה : נישט טראכטען ? (פאוזע) מענשען האבען אויס־געפונען אז די וועלט איז קיילעכדיג. און ערגעץ געפינט זיך א טהייל לאנד נישט בעוואהנט. איז מען געפארען זוכען יענעם לאנד. מענשען זיינען זוכענדיג פון הונגער, קעלט און דורשט גע־שטארבען. און מען האט אויסגעפינען אמעריקא. . .

מ א ש א: אנדערע גילט אב אמעריקע.

ש ל מ ה : יא, אנדערע, נו אט זעה, א גראהע וואנט, אפילו אין שטוב איז זיך נישט צו בעהאלטען פון דעם.

מ א ש א : אז מיר זיינען ארים.

ש ל מ ה: א גאנצען טאג אין „שאפ" אויף׳ן צוועלפטען „פלאר" אמאל טרעפט אז אין דרויסען איז שעהן. און די זון אויף׳ן צוועלפטען פלאר איז נאך שעהנער, העלער, פארשטעל איך דעם פענסטער . . . ווייל דאס שטערט.

מ א ש א : נאך גוט אזוי, גערענקסט דאן : האסטו נישט געארבייט . . . אבער פארוואס האסטו פלוצלונג אזוי אנגעהויבען ריידען ?

ש ל מ ה : פלוצלונג ? דאס טראכטען האט מיך שוין גיים־טיג רוינירט נון רייד איך. דו האסט געוואלט איך זאל דיר דער־צעהלען. (פאוזע) אמאל וויל איך ארויף קלעטערען אויף דער העכס־טער געביידע וואס דא אין נויארק איז דא און אויסשרייען: פ א ר־ש א ל ט ע ן ז י י ן ! ווען מיך אבער וויל קיינער ניט הערען און איך וויל אז אלע זאלען מיך הערען. (שטיל א ווייילע) און ווען אונזער קינד וואלט גרויס געווארען, און פונקט ווי מיר חתונה גע־האט . . .

מ א ש א : פארוואס ביזטו אנשווייגען געווארען ?

ש ל מ ה : קנייטשען שטריקען זיך שוין ארום זיינע אויגען...

מ א ש א : (רייבט די אויגען).

ש ל מ ה : ס'וועט נישט העלפען . . (פאוזע) און אוינגען וואס האבען געזעהן ווי מען לעגט אריין א מת אין קבר האבען פיינט אלטקייט (שוידערט).

מ א ש א : ווער איז אין דעם אלעמען שולדיג ?

ש ל מ ה : נו, טאקע, איך פרעג זיך אליין (פאוזע) איך ווייס, מאשא ווער איז שולדיג, הונגעריגע טעג . . .

מ א ש א : איך פארשטעה דיך . . . און מיין פנים וועט שוין ניט זיין ווי געוועזן.

ש ל מ ה : דו געדענקסט דעם וואלד אין דער היים ?

מ א ש א : יא, איך געדענק . . .

ש ל מ ה : נישט דאס מיין איך. פלעגן קומען סוף זומער, פלעגט ער אנהויבען דארען, שפעטער פלעגט די גראזען דער פראסט אויספריהרען. און ס'האט זיך געדאכט אז שוין, אויס וואלד, אויס גראז, אויס אלץ . . . נאך פסח, דער שנעה צוגעהט, די בוימער הויבען זיך אן צולאזען, און ווידער אלץ יונג . . . (פאוזע) פאר מענשען איז ניטא קיין נאך פסח . . . ווערען קנייטשען איז פארפאלען...

מ א ש א : יא, ווערען קנייטשען איז פארפאלען . . . (פאוזע) אין דער היים וואלט איך נאך יונג געווען . . . איינמאל, טאקע יענעם ווינטער, אין שטוב איז קאלט, ס'קינד ליעגט אין כארכעלט. דו ביזט אוועק זוכען ארבייט, אין דרויסען שנעהט, קיין שטיקעל ברויט ערגעץ ניטא. . . כ'האב דורכגעטרייסעלט אלע ווינקאלעך... נישטא . . און דאס קינד כארכעלט וואס אמאל הייזעריגער . . . איך האב אויסגעטהון מיינע קליידער און איהם אין זיי איינגעוויקעלט . . . איז ער אנשלאפען געווארען . . . איך האב פאר־האנגען די פענסטער . . . אפשר וועט א שכן דערזעהן ווי איך געה ארום נאקעט . . . בין איך אזוי זיך צום שפיעגעל צוגעגאנגען... הערסט : פון דאן נאך זיינען מיר די קנייטשען פארבליבען . . .

ש ל מ ה : מאשא, דו ביזט א גוטע. אן אנדערע וואלט מיר אויפגעוואָרפען. דו שווייגסט (פאוזע) מען געהט אין גאס זעהט מען אזוי פיעל יונגע פנימ'ער, ערשט דאן טראכט איך : אונטער דיי־נע אויגען זייענן שוין פאראן קנייטשען . .

מ א ש א : און דו ביזט נאך יונג (פאוזע) הער ! אמאל

ביי נאכט, איך שלאף נישט, גיב איך א גלעט דיין פנים . . . איז די הויט אזוי דין. אזוי יונג . . . און דאן טראכט איך : ערשט זעקס יאהר אין אגנצען. (פאוזע) איך געדענק: מיר זענען איינמאל א גאנצען אבענד ארומגעגאנגען. דו האסט דורכאויס גערעדט. צום סוף האסטו געזאגט : אז איינער זאל דעם צווייטען פריי לאזען ווען ער וויל . . . האב איך געטראכט : ניין ! ס'וועט נישט קומען דערצו . . . א גרויסען שפיעגעל האט דער טאטע פון ווארשע געבראכט. איז עס אין מיין צימער געשטאנען. בין איך גאנץ פריה אויפגעשטאנען, אין גאנצען נאקעט בין איך געווען.... האב איך געטראכט : ס'וועט נישט קומען דערצו אז מיר זאלען זיך צו געהן . . . (פאוזע) נו, איצט, אויב דו ווילסט, אפשר וואלט איך אויך נישט בעסער געווען . . .

ש ל מ ה : מאשא !

מ א ש א : פארוואס; איך פארשטעה דיר, אלט איז מיין פנים . . . מיך אליין ציהט אויך צו אלץ וואס ס'איז יונג, דו קענסט דאך אלץ וואס דו ווילסט קריגען . . . הער מיך אויס : אט, איך וועל זיך דינגען א דירה . . . און אז דו וועסט וועלען וועסטו קענען ארויפקומען, יא ?

ש ל מ ה : מאשא ! מאשא ! פארוואס שעלסטו מיך בע־סער נישט ?

מ א ש א : איך האב דיך ליעב (קושט איהם).

ש ל מ ה : אין דער היים וואלסטו נאך יונג געווען.

מ א ש א : דערמאן מיך נישט אן דער היים.

ש ל מ ה : דארט איז געווען שטיל, רוהיג . . .

מ א ש א : און די מענשען אזעלכע שלעכטע דארט.

ש ל מ ה : קיין גוטע מענשען זיינען אין ערגעץ נישטא.

מ א ש א : אויב איך דערמאן אמאל די היים איז נור ווען איך האב דיך געטראפען און דאן האב איך געטראכט : די וועלט איז דאך אזוי שעהן, נור מענשען זיינען דא צופיעל. . .

ש ל מ ה : און דא איז נישטא צופיעל ? אין די גא־סען קען מען דאך נישט דורכגעהן.

מ א ש א : דא האט מיך שוין ניט געארט. דאס קינד האט געהאט בלאנדע הערעלעך פלעג איך עס גרויזען . . .

(שטילשוויגען, זי הויבט זיך לאנגזאם אויף. געהט ארויס, שלמה בלייבט זיצען, שפאצירט איבער'ן צימער, מאכט די ליכט קלענער. זעצט זיך. מאשא קומט אריין, איבערגעטהאן די האר צואוואָרפען).

ש ל מ ה : דו, מאשא !

מ א ש א : איך, (פאוזע) די קליידער זיינען שוין אבגע־קראכען, דו דערקענסט זיי שוין ניט.

ש ל מ ה : איך דערקען זיי, מאשא, קומט צו נעהנטער, דייגע האר זיינען קירצער געוואָרען . . .

מ א ש א : אז איך וועל דינגען א דירה וועסטו ארויפקומען. יא ? און אלע מאל וועל איך ווארטען : וועט מיין געליעבטער קומען ? . . . ניין, איך וועל אזוי ניט טראכטען . . . .

ש ל מ ה : רייד נישט אזוי.

(שטיל שוויגען)

מ א ש א : די קלייד האב איך ווי אן אוצר געהלאטען. אפילו דאס קינד נישט געוואלט מיט דעם איינדעקען. (פאוזע) דאמאלס אויף מארגען האב איך געטראכט : אז ס'וועט זיין א מיידעל וועל איך זי צו 18 יאהר אנטהאן די קלייד . . . איצט, אז איך וועל אוועקגעהן פון דיר וועל איך עס שוין קיין מאל נישט אנטהאן . . . .

ש ל מ ה : הער אויף ! מאשא.

מ א ש א : א סך מאל האב איך געוואלט אוועקגעהן אהן דיין וויסען.

ש ל מ ה : דו וועסט נישט געהן (פאוזע) מאשא ! איך בין אן אויסוואורף ! אז עס קומען מיר אויף'ן געדאנק אזעלכע מחשבות. אבער, מאשא, דער מח האט קיין צאם נישט. און דו ביזט מיר געווען אזוי געטריי . . . ווער האט עס אונז אין דעם לאנד פערוואָרפען ?

מ א ש א : (זעצט זיך) דער איינציגער וועג וואס איז אונז דעמאלס פערבליבען.

(שטיל שוויגען).

ש ל מ ה : און די קנעפלאך האסטו נאך אלץ נישט אנגע־נעהט ? . . .

מ א ש א : (רעדט זעהר שטיל) און שפעטער אביסעל איז

משה'לע נעבארען נעווארען.

ש ל מ ה : מאשא! אט די קנייטשען אונטער דיינע אויגען האב איך עס מיט מיינע פינגער איינגעקריצט, מיט די פיס טרעט מיך!

מ א ש א : ניין! זיך אליין, ווען איך קען וואלט איך נע־טראטען.

ש ל מ ה : פארגיב מיר.

מ א ש א : ווען דו וואלסט אוועק וואלט איך, דיר אויך פארגעבען.

ש ל מ ה : נו, שטילער שוין! ווארט אוים! מיר וועלען אוועק פון דאנען, ערגעץ אין א קליינעם שטעדטעל אוועקפאהרען.

מ א ש א : אין דארט ועט זיין א וואלד . . . (הויבט אויף די אויגען אויף איהם קוקט איהם אן און וויינט זיך פונאנדער) און ד א ר ט ו ו ע ט ז י י ן א ו ו א ל ד . ש ל מ ה (וויינט).

פארהאנג

## גרשן גראפשטיין.

# פון אלע טעג.

ס'טרעפט אין שפעטע אווענד־שעה'ן,
ווען איך בין אליין אין הויז ;
ווער איך דאכט זיך, קליין און קלענער,
וויים איך נישט ווי איך זעה אויס . . .

נעם איך טאפּען אין דער פינסטער ;
טיש און בעט און קאלטע ווענט, —
בילדער, ביכער, טיהר און פענסטער,
ריהר איך אָן מיט ביידע הענט.

מאך איך פויסטען, קנאק די פינגער,
יעדע רגע ווערט א שעה :
טוה א הוסט, שטרענג אָן די אוירען
הער — צו איך אליין בין דאָ . . .

ענטפערט עמיץ דורך'ן באלקען —
שווייג איך שטיל און הער זיך איין ;
הער איך וויינען, עפּעס וויינען
טיעף אין הארץ ביי זיך אליין . .

2

מאך איך צו די אויגען זעה איך :
לאנג פּארפוילטע מענשען־ביינער,
א בית עולם פיל מיט קברים,
אלע אהן מצבות־שטיינער . . .

וואו ניט וואו אויף קבורים־בערגליך,
ליגען צייכענס נאָך פון בלומען,

רא און דאָרט א פּוס־טריט־צייכען,
עמיץ איז אַמאָל געקומען.

נעבען טויער א בוים אנ־אלטער,
שטעהט געבוינגען דאר אָהן צווייגען;
שאָקעלט זיך און איז מתפלל,
און א שטילען טויטען שווייגען . . .

שאָקעלט זיך און איז מתפלל.
ווייס דאָך קיינער נישט פאר וועמען —
מורמעלט שטיל דער ווינט — „יתגדל“
און ער רופט מיר אַן די נעמען . . .

הויבען אָן די ווענט זיך שאָקלען;
בלייבט איך שטום דערשראָקען ליגען:
הער עס ווערט אין שטוב א מנין —
עמיץ דאַווענט מיט א ניגון . .

3

הער איך פוס־טריט פאר'ן פענסטער, —
קומען רויבער מיך בערויבען;
טוט דער ווינט א קלאַפּ אין לאָדען,
פאלען שטיקער פון די שויבען . . .

הויבט די שרעק אין מיר אַן וויינען,
לאָף איך כלמרשט זיך צו שטאַרקען,
ווייזט דער טויט מיר מיט'ן פינגער:
דו וועסט ליגען דאָרט ביים פּאַרקען . . .

4

עס שטויסען זיך געדאנקען אָן געדאַנקען,
און ציהען מיך פון הויז אין גאס פון גאס אין הויז;
איך געה און טראַכט פון זיך און פון אַרום זיך —
און קען אין ערגיץ ניט קיין רוה געפינען,
אָט ווערט די וועלט מיר ענג, אָט ווערט זי גרויס . . .

אַט שפּרייט איך מיינע, לאַנגע הענט פאַרנאַנדער,
און זוך און זוך אַ חבר'טעס געשטאַלט;
און טוליע זיך צו זיך פּונקט ווי צו ווּעמען, —
און רעדט צו זיך אַזוינס ס'זאָל קיינער הערען,
ביז ס'ווערט מיר אַזוי אומעטיג און קאַלט . . .

אַט שטיקט מיך אַ געוויין, אַט נעהם איך לאַכען,
און לאַך און לאַך אַזוי פון זיך אַליין —
אַז ווער עס געהט פאַרביי, שטעלט אָב זיך קוקען,
און קוקענדיג אַזוי ווי אויף בייז־וואונדער:
טוט אויך אַ לאַך און לאָזט זיך ווייטער געהן . . .

.5

אָבט וויל זיך ווי אַקינד אַ בעט טהאָן — מאַמע!
פאַרגיב מיר האַרציגע, פאַרגיב אַ צינד;
ביזט קראַנק געוואָרען, אפשר בין איך שולדיג
וואָס איך בין נאָך פּוסטע קלאַנגען נאָכגעלאָפען,
אַזוי ווי נאָך אַ קונצען־שפּיעל אַ קינד?

כ'האָב דורכגעלעבט בלוט־רויטע טעג אין יאָהרען —
אומזיסט אַזוי מיין יוגענד אָבגעוויסט:
פאַרגיב־זשע מיר און זיי מיין מאַמע ווידער
אַ שאַרבען בין איך איצט, אַ האַלבער שאַרבען,
ווי פון אַ ליימען־טאָפּ וואָס ליגט אין מיסט . . .

## הערמאַן גאָלד.

# שלמה המלך.

שלמה המלך איז געזעסען ביי דעם פענסטער פון זיין פּאַלאַץ און בעטראַכט גאָטס גרויסע וועלט מיט איהרע וואונדער, מיט איהרע רעטעניש׳ען און מיט איהרע פּרעכטיגע סודות וואָס זענען אַלע אָפען פאַר איהם און קלאָר, וואָרום קיין חכמה אויף דער וועלט איז ניט געווען פרעמד צום קעניג שלמה. זעהט ער פון ווייטען קומט צופליהען אַ טויב, איהרע פליגעל בעדעקט מיט שטויב, און מיד קלאַפּט זי אָן אין שויב.

עפענט שלמה המלך דעם פענסטער און לאָזט איהר אריין.

הויבט די טויב אויף איהר רעכט פליגעלע און עס פאַלט ארויס פון דאָרט אַ בריוועלע פון זיבען שורות, געשריבען אין זיבען לשונות און אין זיבען קאָלירען, און גע׳חתמה׳ט מיט זיבען קעניגליכע הערצען.

קוקט זיך איין שלמה המלך אין די הערצען, קוקט אין זיינע ביכער וואו עס זענען בעשריבען אַלע מלוכות פון דער וועלט, די וואָס שטעהען אין זיין רשות — און קען ניט געפינען וועמעס הערצען זיי זיינען.

פּרובט ער לייענען די שפּראַכען. זיי זענען איהם פרעמד, ניט בעקאַנט!

איז דער קעניג געוואָרען בעטריבט, וואָס זיין גאַנצער וויסען האָט איהם דאָ געמאַכט צום נאַר גלייך מיט דער נאַרישער טויב, און ער האָט אַלע שבעים לשון אויסגעלערענט! זאָגט ער צו דער טויב:

— דו האָסט מיר געבראַכט די רעטעניש, גיב מיר אויף דעם שליסעל צו איהר בעשייד. איך וועל ניט רוהען, ביז איך וועל אַלס־דינג וויסען!

ענטפערט די טויב:

— אדוני קעניג! פון אַ ווייט לאַנד קום איך, פון יענער זייט

זון, און אומעטום ווייסט מען דארט פון דיין גרויסקייט און עס ווערט דערצעהלט פון דיינע קעסטליכע חכמות. האב איך אויסגע־שוועבט דאס גאנצע לאנד, ביז איך בין געקומען צו דעם גרויסען וואלד מיט וועמען עס עקט זיך די וועלט, דארט האב איך אויסגע־קליבען א בוים און גערוהט אין זיינע צווייגען זיבען טעג און זיבען נעכט.

אויפ'ן אכטען טאג האב איך זיך שוין געפיהלט פריש און קרעפטיג אנצופאנגען א נייע רייזע. הער איך איבער מיר אויף מיין בוים פיקט א פויגעל אין זיינע צווייגען איך זאל צו איהם ארויפקומען. איך פליה ארויף, און דער פויגעל זאגט צו מיר:

— האסטו געהערט פון דעם קעניג שלמה? ער איז א גרויסער נאר!

זאג איך:

— א גרויסער חכם איז ער. און איך קום עס איצט פון זיין לאנד אויף יענער זייט זון רייזענדיג אויף דער גאנצער וועלט און איך האב ניט געפונען קיין פלעק אונטער דער זון וואו מען זאל פון זיין גרויס חכמה ניט וויסען. איצט וועל איך זיך צוריק אומ־קערען אין זיין לאנד און איהם א גרוס ברענגען ווי מען לויבט זיין נאמען אויף דער גאנצער וועלט!

וועל איך דיר מיטגעבען דאס בריוועל צו איהם, און אויב ער וועט עס קענען איבערלייענען אין צייט אכט זומערען, וועל איך איהם דארפען ברענגען די בלום פון אייביג־לאנד, וואס אז מען טוט אויף איהר א קוק לעבט מען אייביג!

דאס איז אלץ וואס איך קען דערצעהלען דעם קעניג.

שלמה המלך האט געזאגט:

— איז מיין נאמען ניט שלמה, אויב איך וויל ניט וויסען וואס אין בריוועל שטעהט!

האט ער געשיקט רופען אלע חכמים פון ירושלים און אלע כישופמאכער פון מצרים, און קיינער האט ניט געוואוסט זיין בע־שייד.

האט ער געלאזען אויסרופען איבער'ן גאנצען לאנד פון יהודה און ישראל און אויך אין די אנדערע לענדער ארום, אלע חכמים זאלען קומען צו איהם ווייזען זייערע חכמות, און אלע וואס זענען

א וועלט אויסגעוועז זאָלען קומען איהם דערצעהלען די וואונדער וואָס זיי האָבען געזעהן. ווער עס וועט בעפרידיגען דעם קעניג, זאָל קריגען א גרויסע מתנה.

זענען געקומען מענער און פרויען, יונג און אלט, פון נאָהענט און ווייט, און אויך פון אויפיר איז מען געקומען, דאָס לאַנד פון וואנען עס קומט דאָס גאָלד, אָבער קיינער האָט דעם קעניג געקענט צופרידענשטעלען. ער האָט שוין געהאַט געוואוסט פון אלץ וואָס זיי האָבען איהם דערצעהלט, פון די קראָקאָדילען פון הודו, פון די שלאַנגען פון כוש, פון די כישוף פון מצרים, פון די חכמים פון צור, און אויך פון דער מלכת שבא האָט ער שוין געוואוסט.

זענען באַלד אוועק די אכט יאָהר און דער קעניג ווייסט נאָך גאָרניט פון דאָס וואָס ער גאַרט צו וויסען, און נאָר אכטצעהן טעג זענען געבליבען.

ווערט טרויעריג דער קעניג און דער גאַנצער פּאַלאַץ וויקעלט זיך אַרום אין טרויער, מוזיק שפּיעלט ניט מעהר און די מעדלעך און די בחורים פון ירושלים טאַנצען ניט אין די גערטנער פון פּאַ־לאַץ. דער קעניג זאָגט מעהר קיין חכמות ניט פאַר די געסט וואָס זאַמלען זיך און קומען צו זיין טיש פון אלע עקען פון דער וועלט יעדען טאָג, און קיינער ווייסט ניט וואָס דאָס איז.

צעהן טעג זיינען אזוי אוועק.

איז געוועזן אויפ׳ן עלעפטען טאָג, נאָך איידער דער טאָג האָט זיך בעוויזען אויף די בערג פון חרמון, איז צוגעקומען אנ׳אַלטער בעטלער און אָנגעקלאַפּט אין טויער פון פּאַלאַץ:

— עפענט מיר אויף די טיהרען, וועל איך קומען פאַר דעם קעניג שלמה צו דערצעהלען פון מיינע וואונדער וואָס איך האָב געזעהן אויף דער וועלט!

עפענט מען איהם אויף די טיהרען און ער ווערט געבראַכט צום קעניג שלמה. פרעגט איהם דער קעניג:

— פון וואנען קומסטו דען, און פון וועלכע וואונדער ווילסטו מיר דען דערצעהלען?

דער בעטלער זאָגט:

— צוויי הונדערט און ניין און זעכציג יאָהר איז אלט דיין קנעכט, און זיין נאָמען איז יוסף, פון דמשק, און פון זיין יוגענד

אַן האָט ער ליעב געקראָגען צו וואנדערען אויף דער וועלט צו זעהן איהרע וואונדער, און אזוי האָט ער שוין צוואנציג מאָל געוואנדערט ביז צו די לענדער אויף יענער זייט ים און גענעכטיגט אין דעם וואלד מיט וועמען עס עקט זיך די וועלט!

אז שלמה המלך האָט דאָס געהערט, האָט ער זיך זעהר נעפרעהט, און באלד האָט די מוזיק געשאלט איבער'ן גאנצען פּאַלאץ, און פון גאנץ ירושלים האָבען זיך געקליבען בחורים מיט מערלעך צום קעניגס גערטער צום טאנץ. און שלמה המלך האָט געזאגט:

— דערצעהל, דערצעהל פון יענעם וואלד מיט וועמען עס עקט זיך די וועלט. וואונדערבאר זענען די לענדער פון יענער זייט זון און וואונדערבאר זענען איהרע פויגעל!

זאָגט דער בעטלער:

— איך וועל דערצעהלען די וואונדער פון וואונדערפויגעל. אמאָל בין איך געקומען אין יענעם וואלד אויפ'ן עק פון דער וועלט, איז מיר אויסגעגאנגען מיין ברויט פון זאק, בין איך געגאנגען מיר און נעבלאָנזשעט, ביז איך בין געפאלען נעבען א בוים און איינגעשלאָפען. קומט צו דער פויגעל און פּיקט אויף מיין זאק. האָב איך זיך אויפגעכאפּט, געקוקט וואָס מיינע אויגען האָבען געזעהן און געלאכט: א נאר א פויגעל! דער זאק איז לעהר און דו קענסט פון איהם גאר ניט אויספּיקען! ווי פערוואונדערט בין איך אבער געוואָרען, ווען דער פויגעל האָט צו מיר געענטפערט אין מיין שפּראך:

דו נארישער בחור
דו נארישער טראָפּ
האָסט דאך קיין שכל
אין דיינעם קאָפּ!

אויב דו וועסט טון וואָס איך וועל דיר הייסען, וועסטו האָבען שפּייז גענוג. פאר דיר און פאר מיר אויך. נעם דיין זאק און צוריים אין דרייצען פּאָסען, דערנאך זאָלסטו מיט זיי ארומוויקלען דעם בוים אונטען ביי דער ערד, דערנאך זאָלסטו אויסגראבען פרישע ערד און בעשיטען ארום, דער נאך זאָלסטו זיך לעגען שלאָפען. און ווען דו וועסט זיך אויפכאפּען, וועסטו זעהן ווי שפּראָצונגען זענען ארויס־

נעקומען, זאלסטו אויסרייסען די שפראצונגען און נעמען א העלפט זיך און א העלפט מיר נעבען, וועסטו נאר א שמעק טון פון זיי. וועסטו ווערען זאט! איך האב אזוי געטון, און אזוי איז טאקע געווען: פון די שפראצונגען האב איך זיך גענעהרט ביז וואנען עס האט זיך נעוויזען ישוב, איז געקומען א ווינט, אויסגעריסען זיי פון מיין האנד און אוועקגעטראגען!

זאגט שלמה המלך:

— א שענע געשיכטע האסטו מיר דערצעהלט! דאס וועט מיר שוין זיין גענוג פאר היינט, און מארגען וועסטו מיר דערצעהלען נאך וואונדער.

אויפ'ן צווייטען טאג איז שוין דער בעטלער בעגעגענט גע־ווארען מיט פרייד און מוזיק, און ער האט דערצעהלט זיין צווייטע געשיכטע:

— אמאל בין איך ארויס פון דעם צווייטען וואלד און פער־בלאנדזשעט אין א מדבר. אין מיין לאגעל איז קיין טראפען וואסער ניט געווען, די זון האט נאך געברענט שרעקליך און ווייט ארום איז קיין ברעקעל שאטען ניט געווען צו זעהן. האב איך זיך אוועק־געזעצט אויפ'ן הייסען זאמד און געבעטען מיין זעלע צו שטאר־בען, הער איך אונטער מיר א פיקען אין זאמד. איך קוק זיך אום, ערשט איך זעה דער וואונדער־פויגעל שטעהט און זאגט צו מיר:

נארישער בחור

דו נארישער טראפ

האסט דאך קיין שכל

אין דיינעם קאפ!

קום אהער און העלף מיר גראבען, וועט זיין גוט פאר דיר און אויך פאר מיר. געה איך צו און טו ווי ער וויל, און באלד זעה איך א קוואל מיט פרישע קריסטאל וואסער. איך האב זיך גוט אנגעטרינקען און אויך דער פויגעל האט זיך אנגעטרינקען, דערנאך האב איך אנגעפילט מיין לאגעל און געוואלט געהן, לאכט דער פוי־געל: דו טרינקסט פון קוואל און דו ווייסט ניט וואס דו טרינקסט! נעהם א טראפען וואסער, גיס אוים אין זאמדיגען מדבר און קעהר אפ דיינע אויגען, וועט אין איין בליק אויסוואקסען א ריזיגער עפעל־בוים וואס וועט דיר און מיר בעשיצען אין זיין שאטען. אזוי האב

איך געטון און באלד האב איך זיך דערקוויקט מיט די שענסטע עפעל אונטער א פרישען און פרעכטיגען עפעלבוים, אנגעגעסען זיך צו זאט און געשמאק איינגעשלאפען, און דריי טעג און נעכט בין איך דא געזעסען און גערוהט, אזוי ליעב איז מיר געווען.

און דער קעניג שלמה זאגט:

— וואונדערליך זענען די וואונדער פון דעם וואונדערפויגעל און שעהן זענען דיינע מעשה'לעך! פאר היינט וועט דאס זיין גע־נוג, און מארגען וועסטו מיר ווייטער דערצעהלען.

אויפ'ן דריטען טאג האט דער קעניג שוין געהאט געווארט אויפ'ן בעטלער מיט זיבען פון זיינע שעהנסטע ווייבער, און דער בעטלער האט דערצעהלט זיין דריטע געשיכטע:

— איינמאל בין איך געזעסען אין וואלד און געגעסען מיין מאהלצייט פון זאק, און עס האט זיך מיר זעהר געבענקט צו זעהן דעם וואונדערפויגעל און צו בעטראכטען זיינע וואונדער, און דא איז שוין באלד אוועק דער זומער און אין די קאלטע נעכט וועל איך זיך מוזען שיידען צוריק צו די מזרח לענדער אויף דער צווייטער זייט זון. דאס האט מיר זעהר באנג געטון און מיין מאלצייט איז מיר ניט זיס געווען צוליב דעם. פלוצים הער איך ווי דער פויגעל רופט צו מיר פון ווייט און ער קומט אן: —

נארישער בחור,
דו נארישער טראפ
האסט דאך קיין שכל
אין דיינעם קאפ!

ניט דו דארפסט זיין בעזארגט וועגען מיר, דו ארעמער בעט־לער! איך ווארט אויף א גרויסען קעניג וואס זאל זארגען איבער מיר. נאר דערפאר וואס דו האסט מיר געהאלפען לעצטען מאל אין דעם מדבר, וועל איך דיר טאקע זאגען וואו איך בין געוועזן. זאלסט וויסען זיין, אז איך בין דער עלטסטער פויגעל אויף דער וועלט, און אלע חכמות און אלע וואונדער פון די כישופמאכער פון מצרים און פון די חכמים פון ירושלים און צור זענען קלאר פאר מיר, ווייל דער ווינד פערטראגט זיי אהער מיט זיינע פליגעל פון אלע זייטען פון דער וועלט צו מיר אין וואלד מיט וועמען עס עקט זיך וועלט. און וויסען זאלסט זיין, אז דא איז פריהער מיט צעהן

טויזענד יאָהר צוריק געווען אַ וויסטער מדבר, און יענער מדבר וואו דו האָסט מיר געטראָפען ביים קוואַל איז געווען אַ טייל פון דעם וואַלד. — דאָ האָט זיך דער בעטלער אָפּגעשטעלט.

זאָגט דער קעניג שלמה:

— דו האָסט מיר די שענסטע מעשה׳לע דערצעהלט, און אויב דו וועסט ווייטער פון דער מעשה׳לע דערצעהלען, וועל איך דיר לאָזען אָנקליידען מיט פּורפּור קליידער, און דו וועסט זיין ווי איי־נער פון דעם קעניג׳ס פּאַלאַץ.

דער בעטלער ענטפערט:

— אדוני קעניג! — איך וועל די מעשה׳לע דערצעהלען ביז׳ן סוף, און ווייטער איז זי נאָך שענער, און ווייטער איז זי נאָך לענ־גער, און איהר וואונדער זיינען אָהן צאָהל. איך האָב זיך אָבער פערגעסען, און דער קעניג זאָל מיר געבען צייט ביז מאָרגען, וועל איך ווייטער דערצעהלען.

זאָגט דער קעניג:

— דיין פערלאַנג איז ערפילט.

איז געווען אויפ׳ן פערטען טאָג. דער קעניג מיט זיינע ווייי־בער האָבען מיט אונגעדולד געוואַרט אויפ׳ן בעטלער, די מוזיק האָט שוין געהאַט געשפּילט, און די מעדלעך מיט די בחורים גע־טאַנצט, ווען ער איז געקומען און ווייטער דערצעהלט:

— אָבער איך מיט מיין חכמה האָב יענעם קוואַל אויסגעפונען און פון זיין וואַסער געמאַכט דעם וואַלד. זענען אַלע ווינטען ביין געוואָרען אויף מיר, וואָס איך האָב זיי אַ גרענעץ געמאַכט און געצוואונגען ביי מיר אין וואַלד אָפּצושטעלען זיך, אָבער זיי האָבען מיר גאָר נישט טאָן. און אַלע חכמים פון דער וועלט ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט מיט זייער חכמה פון דעם וואַלד וואו אַלע חכמות און רעטעענישען ווערען מיט די ווינטען געבראַכט, זענען זיי געקומען אהער מעהרער חכמות צו לערנען און וויסען, און מיין וואַלד איז אָפען געווען פאַר זיי, ווייל איך האָב דאָס אויך געוואָלט. איינמאָל זענען געווען זיבען חכמים און זיבען לענדער, און יעדער איינער איז געווען דער גרעסטער אין דער וועלט, און יעדער איינער האָט געקעניגט איבער הונדערט און זיבען און צוואַנציג מדינות, אָבער איינער האָט ניט געוואוסט פון דעם צווייטען. זענען זיי

איינמאָל נעקומען צו מיר אין וואלד פון זיבען וועגען און זיי האָ־בען זיך געטראָפען דאָ צוזאמען צום ערשטען מאָל. זייער שמחה איז געוועזן גרויס און מיין שמחה אויך, און זיי האָבען געלערענט חכמות איינער פון צווייטען ביז זיי האָבען אלע חכמות אויסגע־לערענט, און זיי האָבען שוין געוואָלט פאָהרען א היים, צוריק צו די זיבען וועגען פון וואנען זיי זענען געקומען, דאמאָלס זאָגט איין קעניג : —

דאָ האָט זיך ווידער דער בעטלער אָפּגעשטעלט און נאָך אמאָל געבעטען דעם קעניג ער זאָל איהם לאָזען וואָרטען ביז מאָרגען, צו דערמאָנען זיך ווייטער די געשיכטע. און דער קעניג האָט גע־ענטפערט :

— ווייל דיין מעשה'לע איז די שענסטע פון אלע וואָס איך האָב געהערט און דיינע וואנדער זענען די פּרעכטיגסטע פון דער גאנצער וועלט, דעריבער וויל איך דיר לאָזען וואָרטען, אבער מאָרגען זאלסטו קומען פריהער, גלייך מיט'ן מאָרגענשטערען, וועסטו קע־נען מעהרער דערצעהלען.

דעם פינפטען טאָג איז דער בעטלער געקומען גלייך מיט'ן מאָרגענשטערן, און ער איז אָנגעקליידעט געוואָרען אין פּורפּור קליידער, ווי איינער פון פּאלאַץ, און דער קעניג מיט זיינע ווײַ־בער האָבען איהם גארניט דערקענט, און זיי האָבען זיך זעהר גע־פרעהט, ווען ער האָט ווייטער דערצעהלט :

— איצט, ווען מיר צושניידען זיך אויף זיבען וועגען, זאָל יעדער איינער פון אונז אָנשרייבען די שענסטע חכמה פון זיין קעניגרייך אין זיין שפּראַך מיט די טינט פון זיין לאנד און געבען זיין הערר אויף דעם אלס אָנדענקען, און יעדער איינער פון אונז זאָל וויסען וואו עס זענען די אנדערע קעניגרייכען און האָבען זייער הערב. האָט יעדער קעניג געשריבען אויף זיין פּאַפּיר זיין חכמה אין זיין שפּראַך און מיט זיין הערב, און איבערגעגעבען עס צום צווייטען. און אזוי זענען געגאנגען זיבען פּאַפּירען פון האנד צו האנד, און די זיבען קלוגע מלכים האָבען געזעהן וואָס'ערע גרויסע נארען זיי זענען, ווייל קיינער פון זיי האָט ניט געוואוסט צו לעזען דעם צווייטענס שפּראַך און קיינער פון זיי האָט ניט געהערט אפילו פון אזא הערב, און אזא קעניגרייך. האָבען זיי שוין ניט געוואָלט

א היים פאהרען, ווייל זיי האבען זיך געשעמט מיט זייער חכמה וואס האט זיי אזוי צו נאר געמאכט, און זיי זענען געזעסען און געוויינט אויף זייערע יאהרען וואס זיי האבען אזוי בלינד אפּגעלעבט ניט וויסענדיג וואס זיי האבען געוואלט וויסען, ביז עס זענען אנגעקומען די קאלטע נעכט. און אז זיי האבען געזעהן אז זיי דאר־פען שטארבען, האבען זיי מיר גערופען און אזוי געזאגט: — זיי וויסען, אז זיבען וועגען פיהרען צו חכמה, און אלע וועגען פיהרען ביז'ן סוף, און אלע מאל ווערט געבוירען א גרויסער קעניג וואס לערענט אוים אלע חכמות פון דער וועלט מיט אלע איהרע שפּרא־כען און רעטענישען, אבער ער איז נאר איין וועג אויסגעגאנגען. מיר וועלען דיר לאזען די זיבען פאפּירען, ועסטו איינע האלטען אונטער דיין פליגעל און די אנדערע בעגראבען אונטער'ן בוים, און אז עס וועט געבוירען ווערען דער גרויסער חכם, וועסטו איהם שיקען איין בריוועלע, וועט ער זעהן, און דאס וועט איהם זיינע אויגען עפענען. אזוי זאלסטו טהאן זיבען מאל. דערנאך זענען זיי גע־שטארבען איינער נאכ'ן צווייטען, אין זיבען טעג. ווען דער ווינט האט געהערט די געשיכטע, איז ער געווארען אין כעס און גע־זאגט —

דער בעטלער האט ווייטער ניט געקענט דערצעהלען, און האט געבעטען נאך אמאל מען זאל איהם לאזעןווארטען ביז מארגען, און דער קעניג האט געענטפערט:

— דאס איז א וואונדערבארע געשיכטע און איך וועל זיך קוים דערווארטען ביז מארגען, איך וועל א גאנצע נאכט ניט שלאפען. דערפאר וועל איך בעפוילען מען זאל דיר געבען א צימער אין מיין פאלאץ, וואו דו וועסט שלאפען, און מארגען נאך פאר'ן מארגענ־שטערען וועסטו מיר ווייטער דערצעהלען.

איז געקומען דער זעקסטער טאג. דער קעניג האט א גאנצע נאכט געשריבען דעם ספר קהלת און זיינע ברעמען ניט צוגע־מאכט אויף איין רגע, ביז ער האט זיך דערווארט אויפ'ן בעטלער. און דער בעטלער האט דערצעהלט ווייטער:

— איך וועל ניט רוהען, ביז איך וועל די פאפּירען פון דעם וואונדערפויגעל פערטראגען און איהם פון דער וועלט פעריאגען! איך האב דאס געהערט און אכטונג געגעבען וואס מיט מיר זאל

פאסירען. זענען אוועק טויזענד זומער צייטען, זעקס פאפירען זענען נאך געווען בעגראבען אונטער'ן בוים און דעם זיבענטען האב איך אונטער מיינע פליגעל געטראגען, פון די טויטע חכמים איז שוין לאנג געווארען שטויב און נאך א חכם וואס זאל מיין בריף דארפען קריאען איז דערווייל נאך ניט געבארען געווארען. ביז דער נאמען פון קעניג שלמה האט גענומען געהן פון מזרח זון ביז דעם מעריב, האב איך אויפגעהויבען מיין פליגעל און גענומען צוגרייטען דעם בריף וואס וועט באלד דארפען געהן צום קעניג, קומט אן א גרויסער שטורמווינד פון צפון, כאפט ארויס דאס בריוועל און פליהט אוועק. דאס איז מיר געווען טייערער ווי מיין לעבען, ווייל איך האב טויזענד יאהר געווארט אויף דעם, און איך בין געווען גרייט צו געהן אויף א זיכערען טויט, אויב איך וועל ניט קענען כאפען צוריק דאס בריוועל. דער ווינט איז געפלויגען צו דעם מדבר און איך — נאך, דארט איז דער ווינט אריין אין א שפאלט פון א שטיין און איך בין געשטאנען און געווארט. די זון ברענט דארט ווי הונדערט זונען אוז קיין שאטען איז דארט ניטא, און איך האב געוואוסט אז איך דארף ווארטען ביי דעם שפאלט פון שטיין ביז נאך די היצען, איך וואלט געווים פערברענט געווארען צו איש פון יעגער זון, האב איך געזעהן דיר פון ווייטען, בין איך צוגעפלויגען, גענומען פיקען, ביזטו געקומען און מיר געהאלפען! אהן דיר וואלט איך גארניט געקענט טאן. ווען די היצען זענען אוועק האב איך געכאפט דעם ווינט ארויסקומענדיג פון שטיינס שפאלט און צוגענומען מיין בריוועלע. אלע ווינטען האבען מיר נאכגעיאגט, און נאך דרייצעהן יאהר ראנגלען זיך בין איך געקומען צוריק, ווען דו האסט גענומען זארגען איבער מיר. — ווען איך האב געהערט די דאזיגע געשיכטע האב איך צום פויגעל געזאגט: איך וועל זיך באלד אומקערען צוריק נאך ירושלים און אין צייט פון צעהן זומערס וועל איך דעם קעניג שלמה זעהן, איז אויב דער פויגעל וויל, זאל ער מיר געבען דאס בריוועל, וועל איך עס צום גרויסען קעניג ברענגען, וועט ער מיר געווים א מתנה געבען. דער פויגעל האט געלאכט: די ווינטען וועלען דיר אין ים'ען ווארפען, די ווינטען וועלען דיינע ביינער צום אבגרונד שליידערען און דערנאך צוריק אויף דעם זאמד ביים ברעג ים ארויפברענגען, ווען זיי וועלען וויסען וואס דו טראגסט

אויף דיין בוזעם. איך וועל עס בעסער די אומשולדיגע טויב פער־טרויען און זי קען עס אויך אין בלויז פיער זומערצייטען ברענגען צום קעניג שלמה. נאר אז דו ווילסט, קענסטו איהם די געשיכטע דערצעהלען, וועט ער דיר א מתנה געבען דערפאר. דאס איז דער סוף פון דער מעשה, מיין ליבער קעניג!

האט שלמה המלך געזאגט:

— דו וועסט זיין אין מיין פאלאץ און עסען פון מיין טיש אלע טעג פון דיין לעבען!

און ער איז אוועק אין זיין צימער און אנגעשריבען דעם ספר קהלת ביז'ן סוף, דערנאך איז ער קראנק געווארען און אויף דעם דריטען טאג געשטארבען.

געשטאָרבען ווי א נאר.

## א. ניסענזאָן.

# דער גוי איז געקומען.

דער גוי איז געקומען מיט וואָגען און פערד :
נו, גרייט זיך שוין, איך בין שוין גרייט ;
די מאמע האָט שווייגענדיג־שטיל מיר געלייגט
אין טאָרבע געטריקענטע ברויט.

עס האָבען חברים געזאָגט : ניט פארגעס
אַז אונז אין דעם פרעמד ווייטען לאַנד ;
און עמיצער האָט אזוי שווייגענדיג־שטיל
דערלאַנגט מיר א בילד אין דער האַנד.

א לאָמפּ האָט געברענט און געוואָרפען אין הויז
א שוואכען, א טונקעלען שיין ;
די קאַץ האָט געגלעט מיך ווי זי וואָלט געוואוסט
אז איך וועל שוין מעהר דאָ ניט זיין . . .

דער פוהרמאַן — ער איילט זיך, נו, גיכער שוין, קום,
איך לאָז זיך שטיל געהן צו דער טהיר ;
די מאמע בעט גאָט פאר איהר קינד אויפ׳ן וועג,
און ס׳געהען חברים נאָך מיר . . .

איך זעץ זיך אין וואָגען ; זייט אלע געזונד ;
דער וואָגען פאָהרט לאנגזאם אוועק,
און אויגען באלייטען, באלייטען מיך לאנג
אין ווייטען, אין זאמדיגען וועג . . .

עס ריהרט זיך דער באַהן . . .

עס ריהרט זיך דער באהן;כ׳מאך א פענסטערל אויף,
און קוק אויף די פעלדער ארויס :
א בערגעל, א בוים, און א בעטלער אליין,
און ערגעץ אַן איינזאמע הויז.

עס קומט פון׳ם טויער א מיידעל ארויס,
און לאָזט זיך צום ברונען אוועק ;
א גוי פאָהרט ארויס מיט׳ן וואָגען און פערד
אויפ׳ן פייכטען און טוי׳איגען וועג.

דער וואָגען — א הייסער; די פעלדער בעגרינט ;
דער הימעל איז טיעף און איז קלאָהר ;
דער באהן פאָהרט זיך ווייטער, און ס׳בלייבט מיר
א טרוים :
א מיידעל מיט גאָלדענע האָהר . . .

וואָלט מיין טאַטע.

וואָלט מיין טאטע רייך געווען,
וואָלט איך זיך נישט דינגען ;
כ׳וואָלט געקויפט א פערד וואָס קען
ביז צום הימעל שפּרינגען.

כ׳וואָלט א שפּרונג טהאָן אזוי הויך,
און די זון דערלאַנגען,
און דאָן קומען צו דער וועלט :
כ׳האָב די זון געפאַנגען.

וואָלטען קומען פון דער וועלט
שעהנסטע פּערציג פּרויען,
וואָלטען זיי פאר מיר — דעם העלד
זייער הארץ פערטרויען.

צווישען שעהנסטע פון דער וועלט
וואָלסטו אויך געקומען,
צווישען שעהנסטע אויף דער וועלט
וואָלט איך דיר גענומען.

כ׳וואָלט די זון צוריק געהענגט
וואו זי איז געהאַנגען.

און דעם פערד אוועקגעלאזט,
און מיט דיר געגאנגען . . .

ליכטיגע טעג.

ליכטיגע טעג האט דער זומער,
דער ווינטער האט אוועגדען פיעל ;
זיצען זיך מיידלאך ביים פייער,
שפינען דעם פלאקס אין דער שטיל.

טרוימט דארטען איינע פון איהרען,
אלט איז ער ניינצעהנטע יאהר,
האט ער צוויי ברענענדע אויגען,
און א קאפ פעך־שווארצע האהר.

און אז ס'וועט אנקומען טראיצע,
וועט ער דאן קומען צו איהר ;
מיט א פאר ברענענדע אויגען
וועט ער זיך שטעלען ביים טיהר.

טרוימט אויך די צווייטע פון איהרען
און אזוי — יעדע פאר זיך ;
אין די פינגער די שפיעגעל
דרעהט זיך און דרעהט זיך אויף שנעל . . .

ברענט אין'ם אויוועז דער פייער,
איז אזוי ווארעם אין הויז;
זיצען די מיידלאך און שפינען
נאלדענע טרוימען זיך אוים . . .

## רעאֻ קעניג.

# יודען און פּאלאסטיק.

(עטיוד)

פּארמען צוליעב פארמען, זענען פון אייביג אָן פרעמד דעם אידישען גייסט. די אויסערליכע פארמע איז ביי אונז שטענדיג געווען אָ ניט בערעכענטער סך־הכל פון׳ם אינהאלט, וועלכער האָט אין אונז געלעבט, פון׳ם  ת כ ל י ת,  וועלכען מיר האָבען פון שטענדיג אָן אזוי דורשטיג געזוכט. דער נביא זוכט ניט פאראויס קיין סטיל פאר זיינע שטראָף־רייד, ער זאָגט ארויס דאָס וואָס גאָט האָט איהם געגעבען... אפילו אונזער שיר השירים איז ווילד און רוי אין דער פארם. אָ פייערדיגער ליעבע־עקסטאז קוואלט פון דאָרט ארויס אָהן א ברעג און מאָס און דערפאר פעהלט אין דעם ליעד די קאלטע און רוהיגע הארמאָניע. די איינציגע פלאסטישע קונסט, וואָס מיר האָבען אמאָל געהאט איז באלעט, טענץ... דוד המלך האָט געטאַנצט, דבורה הנביאה האָט געטאַנצט, געטאַנצט האָבען די שורים אין בית המקדש. אָבער ניט צוליעב שענע פאָרמען, צוליעב קערפּער איבונגען ווי די אָלטע גריכען למשל, האָבען די ביבלישע אידען געטאַנצט. „כל עצמותי תזומרנה“ — דאָס איז געווען דער אמת׳ער זין פון אונזער אמאָליגען טאַנצען. ס׳איי געווען גיכער אָ מין זעלבסט פערגעסענהייט און ניט קיין ריטמישעם אידעאליזירען פון קערפּערליכע בעוועגונגען. אלע גליעדער האָבען גאָט׳ס שבחים דערצעהלט און צו גאָט זיך אין התלהבות געריסען. און ווער ס׳האָט געזעהן די אראבער אין פּאלעסטינא, טאנצענדיג אין זייערע הייליגע טעג, דער קען א שטיקעל, חאָטש אָ זעהר ווייטע אהנונג האָבען פון די אמאָליגע אידישע טענץ. (איך מיין, אז די איצטיגע האלב ווילדע בעדואינער, האָבען אין זיך מעהר ביבלישעם ווי די איצטיגע אידען). אבער אויסער אָט דעם זאָגענאַנטען „באלעט“, האָבען מיר קיינע ערנסטע שפּורען פון פּלאַסטיק ביי די אמאָליגע אידען. גוטע בעלי־מלאכות, מעבעלירער, האָבען מיר אפילו יאָ געהאט אין מיטעלאלטער, אבער זיי פלעגען מיינסטען ארבייטען ניט  פ אָ ר  ז י ך  אַ ל י י ן  נור פאר די

פרעמדע פויפסטליכע הויפען. אפנים, פאר פרעמדע מאכען „געטש־קעס" האט ביי זיי ניט געהייסען עובר זיין אויף דעם לא תעשה לך פסל"...

דאס גרינגשעצונג פון אידען צו פלאסטיק האט זיך אויך אויס־געדריקט אין דעם וואס זיי האבען דערמיט געהאנדעלט. מערקוויר־דיג איז, דאס עד היום שטעקט דער קונסט־האנדעל אין יודישע הענט. איך וויל דערמיט ניט זאגען אז דאס פאלק האט זיך פון צייט צו צייט ניט אונטערגעשפיעלט מיט „קונסט". אבער ווער ס'האט געקענט באבאכטען אט די „קונסט־שטיק" אונזערע, האט געקענט בעמערקען, אז דאס רוב זענען זיי אויך געמאכט געווארען „לשמחה" מיט פערשיעדענע געדאנקען און כונות... אנמייסטען האבען זיי צו טהאן מיט אותיות, פסוקים און זעהר זעלטען מיט פנימער און פי־גורען. דעם אידישען פאלקסטימליכען קינסטלער ציהט צו עפעס אן המצעה'לע, ווי למשל: אויף א געריכט אנשרייבען א קאפיטעל תהלים, מרדכי'ס פנים בעשריבען מיט דער מגילה, הערצל'ס פאט־טרעט מיט „מדינת היהודים" א. ז. וו. מיט איין ווארט דאס יודישע פאלק האט מעהר ליעב צו שרייבען, רעדען ווי מאלען, פלאסטיש שילדערן.

---

אויב די אלטע העלענען, גריכען, זענען די בעסטע פלאסטיקער געווען, זענען די אמאליגע אידען זייערע בעסטע געגנער גע־ווען. דאס אלטע גריכישע און דאס אלטע יודישע פאלק — דאס זע־נען די צוויי געגענזעצליכע פאלאסען אין דער געשיכטע פון מענש־ליכער קולטור און שאפען... זייערע אידעאלען לעבען און קעמפפען נאך עד היום און קענען איינער דעם צווייטען ניט גובר זיין. אויך אין דעם מאדערנעם שאפען, קען מען דערקענען אט דעם ריעזען־קאמפף צווישען העלעניזם און יודענטהום מיט זיין גייסטיגען יורש דעם קריסטענטהום... יעדער איינער פון די מאדערנע קונסט מיט דער פערמיטלונג פון'ם קריסטענטהום זוכט א שלום צו מאכען צווי־שען יודענטהום און העלענטהום (היינע, טאלסטאי, אנאטאל פראנס, א. ז. וו.) אבער דער שלום איז נאך ניט געקומען.

און אין דער צייט, ווען די אלטע גריכישע קונסט איז איינגאנ־צען דורכגעדרונגען געווען מיט'ן „מה נאה אילן זה", מיט'ן פער־

געטער'ן פון אויסערליכע שענהייטען און פארמען, האט דאס יודענ־טהום געזוכט דעם אינהאלט, דעם תכלית פון'ם לעבען. דאס העלענ־טהום האט דער וועלט געגעבען א אידעאל פון שעהנהייט; דאס יו־דענטהום — א אידעאל פול גאטהייט און גלויבען.

רעדענדיג וועגען דעם פאר וואס ביי יודען איז אמאל קיין קונסט ניט געווען, דערצעהלט דער בעריהמטער פראנצויזישער דענ־קער רענאן א זעהר חאראקטעריסטישען פאקט, וועלכען ער האט אליין בייגעוואהנט: זייענדיג אין פאלעסטינא, האט ער צופעליג אמאל געוויזען אנ'אראבער א געמאלט בילד פון א מענשען. דער אראבער, דערצעהלט רענאן, האט לאנג, לאנג געקוקט אויף דעם בילד, דערנאך האט ער ביי איהם פלוצלונג א פרעג געטהאן: „וואס וועסטו טהאן, ווען אט דער אפגעמאהלטער מענש, וועט דיך פער־קלאגען פאר'ן האר פון דער וועלט, פאר וואס דו האסט איהם א גוף אהן א נשמה געגעבען?...“

דעם מענשליכען גוף האבען פערגעטערט די אמאליגע גריכען. זייערע סקולפטורען זענען געטליך שעהן אין דער פארמע און מיים־טערהאפט מאדעלירט, אבער אזוי קאלט און אהן קיין שום אויס־דרוק זענען די פנימער אויף זייערע סטאטוען. און דער יוד האט שטענדיג געזוכט ניט דעם גוף נור דעם גייסט, די נשמה צו בע־זינגען און פרייזען. אונזערע נביאים — אונזערע אמאליגע קינסט־לער — זענען פייער־פלאמענדע לאוועס, וועלכע רייסען זיך מיט אזא ליידענשאפט צו גאט און פערברענען, און פערפלייצען אויף זייער וועג אלעס וואס איז זינדיג און אונגערעכט.

---

און אויב ס'איז ביי אונז אמאל ניט געווען קיין קונסט, הייסט עס נאך ניט, דאס מיר קענען איצט אזעלכע ניט האבען. אויב אמאל איז דאס פלאסטישע געווען אבסאלוט פריקרע דעם יודישען גייסט, דארפען מיר אבער ניט פערגעסען אז דאס יודישע פאלק האט זיך לאנג שוין אפגע'טובל'ט און אפגעבלייכט אין די פינסטערע ים'ען פון זיין וואנדערן און דאס וואס אמאל איז איהם פרעמד געווען איז איהם איצט נעהענטער געווארען...

געשיכטליך, וואס איז אונפערמיידליך געווען, האט „ירושלים“ א טריט נעהענטער געטהאן צו „רוים“. דער אפאסטאל פאול, איז

דער ערשטער רעוואָלוציאָנער אין דער קונסט געווען, מעג עס ווי פּאַראַדאָקסאַל קלינגען. דערמיט וואָס ער האָט ערלויבט אין די ערש־טע קריסטליכע קהלות „הייליגע בילדער" צו מאָלען, האָט ער דעם ערשטען און שטאַרקסטען קלאַפּ געגעבען דער קאַלטער און מאַיעס־טעטישער גריכישער קונסט, און דערמיט אויך נעעפענט ברייט דעם גאָלדענעם טויער פאַר די אַלע עסטעטישע שולען, וועלכע האָבען זיך, מיט'ן ערשיינען פון'ם קריסטענטהום געמעהרט ביז'ן היינטי־גען טאָג. מיט'ן ערשיינען פון'ם קריסטענטהום איז דער ערדישער גן־עדן פערשלאָסען געוואָרען און די געזונדע העלענישע האַרמאָניע איז צובראָכען געוואָרען.

די ערשטע קריסטען האָבען אין זייערע הייליגע בילדער ווע־נוס'ן מיט אַפּאָליאָ'ן צוקריפּעלט, טראָץ דעם וואָס די לעצטע זענען אפשר זייערע ערשטע מאָדעלען געווען. די פּרימיטיווען האָבען דעם מענשליכען קערפּער איגנאָרירט, זייער הויפּט ציעל איז געווען וואָס מעהר שמערצליכער ליידענשאַפט אריינצוגעבען אין די פּנימער פון זייערע הייליגע, וואָס מעהר הימלישע בענקונג ס'זאָל זעהר ארויסשטראַהלען פון זייערע מאַראַגען . . . און ס'איז מעג־ליך, ווען אין די ביבלישע טעג זאָל עקזיסטירען אַ קונסט אַן עהנליכע צו דער קריסטליכער, וואָלטען מיר וועניגער מיט אַ פּערבאָט געהאַט אין אונזער תורה.

דאָס קריסטענטהום איז דער פּערמיטלער פּונקט צווישען דעם יודאַאיזם און העלעניזם. און אויב מיר האָבען זיך מיט'ן גאַנג פון דער געשיכטע דורך אַ געוויסען גראַד אַסעמילאַציע אביסעלע דער־נעהערט צו זיי, האָבען זיי זיך נאָך פיעל מעהר דערנעהענט צו אונז.

ס'וועט זיך אפשר אַמאָל געפינען אַ טיעפער פסיכאָלאָג וועל־כער וועט איבערצייגען און בעווייזען אַז אין דער מאָדערנער געזעל־שאַפט איז דער אַבסטראַקטער יודאַאיזם דער מעכטיגסטער, גייס־טיגער פאַקטאָר. און מעגליך איז אויך דאָס דער יודאַאיזם אין זיין לויטערקייט אָהן די פסולת איז אויך די רעליגיאָן דער צוקונפט, ווייל אונזער רעליגיאָן איז ניט נור פאַר דער ערד (העלעניזם), און ניט נור פאַר'ן הימעל (קריסטענטהום) נור פאַר ביידע.. אין דער גאָלדע־נער צוקונפט, וועלען הימעל און ערד שלום מאַכען.

אפילו אין דער צייט פון'ם איטאַליענישען רענעסאַנס. ווען

ס׳האָט זיך געדאַכט אז די קונסט האָט זיך צו איהר שורש אומגע־קעהרט און די אַלטע גריכישע גאונים — פידאס און פּראַקסיטעל, זענען מגולגל געוואָרען אין א דאנאטעלא און מיקעל אנזשעלא, אפילו אין יענער צייט איז דער קאַלטער הארמאָנישער העלעניזם ניט אָהן א פּגימה געווען... דער פריהלינג פון׳ם איטאַליענישען רע־נעסאַנס — סאנדרע באַטיטשעלי, האָט אויף דער עלטער אונטער דער ווירקונג פון׳ם מאנאך סאוואנאראליא, זיינע געצענדינערישע בילדער געוואָלט פערברענען... און אויך פון זיינע יוגענדליכע אפּיקורסישע ווערק, יאגט אזא מין בעהאַלטענע פרומיגקייט ארויס...

מיקעל - אנזשעלע — דער גרעסטער פון די גדולים, האָט עפּעס נביאישעס אין זיינע געניאַלע סקולפּטורען מיט די איבערגעטרי־בענע און אָפּט ניט הארמאָנישע פאָרמען... ער זינגט ניט, דאכט זיך, נור שטראָפט. און מיר דערמאָנט ער, מיט זיין הייליגען צאָרן אן אונזער נביא ישעיה.

און לעאָנארדא דא ווינטשי — ער איז געווען, ווען מען קען זיך אזוי אויסדריקען אַנ׳אפּיקורס אויף ביידע פראָנטען... עטוואָס פער־רעטערישעס האָט ער אין זיין שאַפען אי בנוגע צום העלעניזם, אי צום קריסטענטהום. ווען ער האָט געמאָלט דעם הייליגען „אבענד־מאָהל“, האָט ער אין דער זעלבער צייט געבויט עפּעס א קונציגען בית־הכסא... ער איז פּילייכט דער גרעסטער און טיעפסטער אונ־גלויביגער, וואָס די וועלט האָט אמאָל פערמאָגט, ווייל ער האָט ניט נור אין גאָט נור אויך אין טייפעל ניט געגלויבט... פאר ביידען האָט ער א רעטזועלהאַפטען שמייכעל געהאַט.

און דער גליקליכסטער און העלעניסטישער צווישען זיי — ראַ־פאַעל איז געווען בעאיינפלוסט פון די ערשט דערמאָנטע צוויי קונים.

וואָס פאר א גרויסען קינסטלער איהר וועט ניט בעטראַכטען, ביז׳ן היינטיגען טאָג (גרעקא, וועלאַזקעז און אפילו רובענס) וועט איהרע פון זייערע ווערק ארויספיהלען אז די העלעניסטישע נשמה איז שוין פערפיהרט, אז דאָס קריסטענטהום און אונדירעקט דאָס יודענטהום, האָבען שוין אין א געוויסער מאָס געזיעגט. מערקוויר־דיג איז אויך דאָס: פון׳ם פופצעהנטען און זעכצעהנטען יאָהרהונ־דערטער, בעמערקען מיר אין דער קונסט פון אלע לענדער א פיעל

גרעסערע נויגונג צו פארבען, צו קאָלאָריט, ווי צו ליניען און פאר־מען...

מיר דוכט, אז דאָס איז דערפאר ווייל פסיחישעס, נשמה'דיגעס און אפשר אויך רעליגיעזעס איז דאָ מעהר אין פארבען ווי אין לי־ניען...

דער גרויסער רעמבראנד, מאכט, מיין איך, א דאנק זיין קאָ־לאריט א רעליגיעזען פרויען איינדרוק. און אינ'ם זין פון פארבען, האָט די מאָדערנע קונסט לאנג שוין איבערגעשטיגען די אלטע גרי־כען.

און אינ'ם נייכצעהנטען יאהרהונדערט, ווען די דעמאָקראטיע אין אלע לענדער האָט אנגעהויבען ערוואכען, האָט אויך די קונסט נאָר אַן אנדער ווענדונג אָנגענומען. זי האָט אנגעהויבען מעהר ר ע־ד ע ן, פרעדיגען ווי רוהיג מאלען און שפיעלענדיג שילדערן. די פובליציסטיק האָט זיך צופלייצט איבער דער גאנצער וועלט און מיט איהרע ליבעראלע אידעען אריינגע'גנב'עט זיך אין די חדרי חדרים פון די פערשידענע פּאלסטישע קונסטען.

איהר וועט ניט געפינען איין קינסטלער כמעט ביי היינטיגען טאָג, וועלכער זאָל אייך ניט ווען עפּעס לערנען, בעווייזען ...

אין קיין צייט איז אזוי פיעל קונסט טהעאָריעס און שטרעמונ־גען געשאפען געוואָרען ווי אין אונזערע. רעאליזם, אימפּרעסיאניזם, נורא־אימפּרעסיאָניזם, קוביזם און פוטוריזם און נאָך צעהנדליגע איזמען... און דער יוד, דער אמת'ער און עכטער יוד, האָט זיך עפּעס היימישער דערפיהלט אויפ'ן געביעט פון קונסט... עפּעס א קליינינ־קייט: מ'רעדט דאָך ווערטער, מ'הערט דאָך עפּעס א וואָרט, מע מאָלט שוין ניט גלאָט אזוי אין דער וועלט אריין...

דער סערבעריזם, — קאָפּ־ארבייט, פערנעהמט אינ'ם מאָדער־נעם שאפען דעם אויבען־אָן... און טאקע וואָס קען אפילו א אר־טאקסאלער איד האָבען נעגען א פוטוריסטיש בילד?...

און אין אלע לענדער פון אייראָפּא זעהען מיר ווי עס וואקסען אויס יודען־קינסטלער. מיט א שפּאר ביסעל נעמען פון יודישע קינסטלער מעגען מיר שוין זאָגאר שטאָלצירען און איך זעה שוין ניט איין פאר וואָס מיר אידען זאָלען אין דער נאָהענטער צו־קונפט קיין נאציאָנאלע קונסט צוגלייך מיט אנדערע פעלקער..

אמת, מיר זענען שוין לאנג ניט די אידען פון אמאָל, פון

דער זוניגער ביבלישער צייט. יעדער גלות האָט אויף אונז אַ פרעמ־דען מלבוש ארויפגעוואָרפען... פרעמדע, קאַלטע ווינטען האָבען אונ־זער הויט־קאָליער פערשטורבט און אָפּגעבלייכט; פרעמדע קולטו־רען האָבען אונזער אייגענאַרטיגקייט אָפּגעטעמפּט... אבער נאָך מעהר ווי מיר צו זיי, האָבען זיי זיך צו אונז דערנעהענט.

## ליוויק האלפּער.

# אין שניי

געלאזט, יך פאהרען

לאנגע ווינטערדיגע נעכט,
ווייסע שטראלענדיגע טעג,
האָב איך איינגעשפּאנט מיין פערד
לאזען זיך אין ווייטען וועג.

היי און ברויט און וויין געקויפט,
איינגענייט דאָס לעצטע געלט,
אָנגעטון זיך אין א פּעלץ,
מויל און אויערען פארשטעלט.

ניט געריהרט פון שטוב קיין זאך,
טיר און לאדען ניט פארמאכט,
זיך א נייג געטהון צום שוועל
און געזאָגט: א גוטע נאכט.

אָבגעצייכענט מיינע טריט
לעצטע אויף דער פרעמדער ערד.
נאָך אמאָל: א גוטע נאכט,
און א שמיץ געטהון דעם פערד.

דער וועג איז לאַנג.

איז דער וועג מאָנאטען לאנג,
ציהט זיך ווי א זילבער שנור,
פאָהר איך מיט'ן זילבער שנור,
מורמעל עפּעס א געזאנג.

אין דעם פוטער איינגעדרעהט.
אָבגעדעקט די אויגען נאָר, —
קוק איך ווי די זון געהט אויף,
קוק איך ווי די זון פארגעהט.

און דער שניי ער שיט און שיט,
רעק איך אויף די אויגען צו,
לאָז אראָפּ דעם קאָפּ און ליג...
און דער שליטען פליהט און פליהט.

בלייבט דער פערד אין מיטען שטעהן —
חאפּ איך זיך פון דרימעל אויף,
גיב א שמיץ און גיב א פייף,
דורך די קלאפּענדיגע ציין...

שטערען, וועלף און בערען.

א קאַלטער ווינד פון צפון־זייט
האָט אנגעהייבען בלאָזען;
מיין טרייער פערד האָט מיעד צום שניי
דעם קאָפּ אראָבגעלאָזען.

די זייטען איינגעפאלען טיעף,
די גאנצע פעל פארפראָרען.
ווער וויים צי וועלען מיר נאך היינט
אין ערגעץ וואו פארפאָהרען?

אלץ פינסטערער און פינסטערער
דער שניי מיט גלאָז פארצויגען,
איך געה צו פוס מיין שליטען נאך
מיט האלב פערמאכטע אויגען.

עס שטעכען אין דער פינסטערניש
ווי שארפע נאָדלען שטערען;
עס קלאָגען אין דער וויסטעניש
פארשנייטע וועלף און בערען...

א האַנד.

פאלען שטערען, הילכען קלאנגען,
פון מיט ווייסען גלוט די סטעפּ:
הייבט א האנד זיך אין דער פינסטער,
האמערט שווערע קלעפּ נאך קלעפּ.

ערד און הימעל — שניי א וואָלקען.
טראָגען אום זיך ווייסע קעפּ.
קייקלען, דרעהען זיך אין שטורעם,
פלעכטען זיך אין לאנגע צעפּ.

ווער איך מיט מיין פערד געפאנגען,
איינגעפלאָכטען אין די צעפּ, —
ביז די האנד אין ווירבעל־שטורעם
האמערט אב די לעצטע קלעפּ...

א ליידיגער שליטען.

עס ווערען די וואָלקענס צושוואומען,
עס ווייזען זיך שטערען נאָך שטערען;
דער וועג איז אינגאנצען פארשאטען —
ניטאָ וואו דעם שליטען צו קערען.

איך שפאן זיך אליין אין צום פערד צו,
איך העלף איהם צו שלעפּען דעם שליטען..
א שלעפּ און א פאל צו דער ערד צו,
די פינגער — צובלוטיגט, צושניטען.

דער הימעל אלץ קלערער און קלערער,
א גרויסע לבנה אין מיטען;
זיי קוקען זיך צו צו ווי מיר שלעפּען
א ליידיגען הילצערנעם שליטען...

א דרימער.

ניט אנדערש עמיצער
א שפאס מיט אונז וויל פיהרען:
א שליטען — שטרוי און שפאַן,
און ניט פון אָרט צו ריהרען.

מיט ציטער גיב איך ווען
א קער דעם קאָפּ אויף הינטער:
עס קען פאסירען אלץ
אין וועג אין מיטען ווינטער...

מיר דוכט זיך פלוצלינג אויס:
מיר שלעפען נאך א דריטען, —
אזוי ווי איך אליין
וואלט ליגען טויט אין שליטען...

א דארף! א דארף! א דארף!

א ביסעל געשטאנען. גענוג,
פערד מיינס, געטרייער,
מיר מוזען דאך קומען אין דארף
צו מענשען, צו פייער.

מען זעהט שוין, מען זעהט שוין דעם דארף
מיט די לויכטענדע שויבען, —
דו זיי נאר ניט מיעד, נעם זיך מוטה
דיין קאפ אויפצוהויבען.

עס זיצען נאך אלע אין דארף,
די טויערען — אפען,
מען גרייט אונז געטראנקען און שפייז,
נעלעגער צו שלאפען.

מען ברייגגט פאר דיר האבער און היי
די בעסטע פון שייער...
העה, פערד מיינס, א טראט און א פליה
צו מענשען, צו פייער.

פרעמדע.

צו א טויער צוגעפאהרען,
קלאפ איך, רוף:
— כ'בין דערפרארען, — גוטע מענשען,
עפענט אויף.

שפרינגען הינט אויף קייטען, בילען,
מענשען — אויף.
געהען. איינער, הער איך, מורמעלט:
— עפען אויף!

שרייט א צווייטער: פריהער פרעג זיך:
וואָס און ווער?
וואו א וואנדרערער, א שלעפער
קומט אהער....

מורמעלט ווידער איינער: עפּען,
פרעג, ניט פרעג...
אונזער מזל שוין: מיר וואָהנען
אויפ׳ן וועג.

ווארימער אויווען.

וואָהנען זיך מענשען אין מיטען דער וועלט
רוהיג און ווארעם אין זיי.
עסען געפאנגענע הירשען און פיש,
טרינקען צוגאנגענעם שניי.

לייגען זיך שלאָפען, ווען ס׳קומט נאָר די נאכט
אלע צוזאמען אין בעט,
דעקען זיך איבער אריבער׳ן קאָפּ,
שלאָפען אין טאָג אריין שפּעט.

הוליעט אין דרויסען א צפון־זייט ווינד,
נעמט מען א האק און מען שפּאלט
שייטלאך נאָך שייטלאך אין אויוועז אריין,
שייטלאך פון איינענעם וואלד.

באקען זיך פלעצלאך און פרעגלען זיך פיש,
קאָכט זיך א קעסעל מיט טיי, —
וואָהנען זיך מענשען אין מיטען דער וועלט
רוהיג און ווארים אין שניי...

טיי.

אבגעזאגט די מארגען־תפלה
זעצען זיי זיך ארום טיש,
טונקען די פארברוינטע פלעצלאך
אין דעם בוימעל פון די פיש.

בויגען איין די קעפ און זופען
מיט א פייף אזא דעם טיי;
לאדט מיך איין די באלעבאסטע
זעצען זיךביים טיש מיט זיי.

זעץ איך זיך און עס צוזאמען,
זיץ ביים טיש — דאך ניט מיט זיי:
ערגעץ ווייט ווייט טראגט אוועק מיך
יעדער ביס און זופ פון טיי...

א דאנק אייך, גוטע מענשען.

א דאנק אייך גוטע מענשען
פאר טיי און פרישען ברויט;
מיין פערד צום פאהרען ווייטער
אנ׳איינגעשפאנטער שטעהט.

איך האב געזעהן אייך איינמאל
און וועל ניט זעהן שוין מעהר;
מיין וועג איז ווייט, וועל קיינמאל
ניט קומען מעהר אהער.

צו וואס איך גיב א ריהר זיך
איז דאס דער לעצטער ריהר;
אט מאך איך אייער טיר צו, —
פילייכט די לעצטע טיר...

שפאן אויס דעם פערד!

אויף ווייסע בערג די זון פארגעהט,
ביים זייט פון וועג א צלם שטעהט —
דעם וועג צושיידט.

איך הער א קול: בלייב שטעהן! בליים שטעהן!
שפאן אויס דעם פערד און לאז איהם געהן,
דו בלייב אליין...

איך שטעל זיך אַב און קוק זיך אום:
שוין שווארץ די בערג, דער וועג ארום,
און שטיל ארום.

און ווידער הער איך: בלייב ניט שטעהן!
א גיכער יאָג, ניט בלייב אליין —
ניט בלייב אליין . . .

### גלעקלאַך! גלעקלאַך!

גלעקלאַך קלינגען ערגעץ ווייט,
גלעקלעך ווערען שטום;
עמיץ פאָהרט אנקעגען אונז,
פאָהרט און קעהרט זיך אום.

א בעקאַנטע מיידעל קומט
איבער קאָפּ פארשנייט,
איבעראשען וויל זי אונז
אונגערעכטערהייט.

שטעלט זיך אַב און פרעגט דעם וועג,
כלומרשט פרעמד און קאַלט,
הייבט אויף מיר די אויגען אויף,
שעמעוודיג בעהאַלט.

מיט אמאָל צולאַכט זי זיך,
גיט אהייב א האנד,
רעקט דעם פנים אַפּ און זאָגט:
— בין איך אייך בעקאַנט?

גיב איך איהר אחאַפּ צו זיך
און דעם פערד — א יאָג;
העי, מיר פליהען מייל נאָך מייל
ביז עס שטאַרבט דער טאָג.

### מיין פרייד.

אז עס שטאַרבט דער טאָג און פינסטער ווערט דער וועג,
בעט איך וואך דעם שליטען אוים פון ברעג צו ברעג:

לייגט מיין גאסט אוועק זיך, ווערט אנטשלאָפען שנעל
איינגעדעקט פון קאָפּ ביז פוס מיט בערען־פעל.

זיץ איך איבער איהר געבויגען, קוש איהר קלייד,
מורמלען מיינע ליפּען עפּעס וואָס אין שטילער פרייד ;
איז די בייטש אראָבגעפאלען צו דער ערד,
אָבגעלאָזט איינגאנצען געהט אליין דאָס פערד . . .

עפענט זי אנאוויג און מאכט איהם צו צוריק,
עפּעס ווי ניט איהרער וואָלט געוועזן דער בליק, —
קריך איך שטיל אראָב פון שליטען און איך געה,
קוק זיך אויף ווייסע פעלדער, אויף'ן שניי . . .

מיין קאָפּ צו איהרע פיס.

שעה נאָך שעה. עס ווערט איהר קאלט,
חאפּט פון שלאָף זיך אויף.
טו איך אויס מיין פעלץ פון זיך,
לייג אויף איהר ארויף.

שלאָפט זי ווידער ווארים איין,
איך — צו פוסען איהר,
זיץ אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ
שעה נאָך שעה און פריהר.

גיט זיך ווען פון שלאָף איהר האנד
צו מיין באק א ריהר . . .
נידעריגער פאלט מיין קאָפּ
צו די פיס צו איהר.

אַזוי פיעל פרייד.

איך האָב איהר צוגעדריקט צו זיך
און אָבגעלאָזט ;
פערדרעהט האָט מיר דעם קאָפּ דער וויין
פון שטארקען פראָסט.

איך האָב אריסגעטהון דעם פעלץ,
זי אָבגעדעקט,

זיך צוגעדריקט צו איהר —
און אויפגעוועקט.

איהר לייב א ציטער האט געטהון:
אזוי פיעל פרייד . . .
מיין קאפּ האט זיך פון קאלטען וויין
געדרעהט, געדרעהט . .

זי זאָגט צו מיר אַזוי:
קומען ערגעץ וועלען מיר צופאָהרען
ערגעץ אין א זומערדיגען לאנד;
וועלען מיר פערקויפען פערד און שליטען
און צופוס זיך לאָזען געהן באנאד —
ערגעץ אין א זומערדיגען לאנד.

וועלען מיר די נאכט די ערשטע שלאָפען
אין א וואלד אין זומערדיגען לאנד;
טאג וועט ווערען — וועלען מיר זיך לאָזען
ווייטער געהען געארימט האנד ביי האנד
ערגעץ ווייט אין זומערדיגען לאנד.

נייע קליידער וועלען מיר זיך קויפען
פאר'ן געלט אין זומערדיגען לאנד;
דו — א ברייטע הוט, א העלען מאנטעל,
איך— א ווייסע קלייד מיט זיידען־באנד, —
דאָרטען אין'ם זומערדיגען לאנד.

זי וועט זיין מיין פרוי.

שיט א שניי א ווארימער,
גלאט דער וועג און ווייך,
פון דער ווייטען זעהען זיך
דינע זיילען רויך.

פאָהרען מיר און זי דערצעהלט
מעשיות נאכאנאד,

אלץ פון יענעם ווארימען
זומערדיגען לאנד.

ווער איך מיעד פון צוהערען,
קוק איך אין דער הויך:
ווייסע זיילען ציהען זיך,
שטראהלענדיגער רויך.

זילבער וואָלענס שפּרייטען זיך
ווינטערדיגער טוי . .
רוימט זי שטיל א סוד מיר איין:
— איך וועל זיין דיין פרוי . . .

איינשווייגען געוואָרען.

די ליפּען פערטריקענט, די אויגען פארמאכט,
מיר פאָהרען און שווייגען ווי פרעמדע די נאכט.
עס זאָגט ווער ארויס וועןָ א וואָרט דורך די ציין,
ווי יעדער אין שליטען וואָלט פאָהרען אליין.

זי זעצט זיך, פלעכט איבער די האָר אויפ'ן קאָפּ.
א סטענגע א ווייסע — זי ווארפט עס אראָב,
און מורמעלט צו זיך מיט פאר באָרגענעם וועה
פון עפּעס א שמוציג־געוואָרענעם שניי . . .

און ווידער זי לעגט זיך אוועק און זי ליגט,
די הענד אויפ'ן הארצען, די ליפּען פערדריקט:
מיר פאָהרען און שווייגען ווי פרעמדע די נאכט,
עס גיט ווער אנ'עפּען א ברעם און פארמאכט . . .

נאָר וואָס איך בין.

האָב איך זיך אליין ניט אָבגענארט
אין מיטען נאכט ?
גלעקלאך, מיידלאך, קאלטען וויין
זיך אויסגעטראכט.

ווען עס וועט עס איינפאלען
בא נאכט אליין
מיך אין וועג באגעגענען
זיך לאזען געהן ?

גלעקלאך קלינגען ? יע, איך זעה
א בוים ניט ווייט, —
מיר אנקעגען קומען אן
ציגיינער־לייט . . .

## דעי ציגיינער!

העי ציגיינער, העי ציגיינער,
לאמיר בייטען פערד;
טייער, ביליג — נאך א רובעל
האט ביי מיר קיין ווערטה.

זעהט, איך בין אויף פערד קיין מבין,
נארט נאר מיך ניט אב;
נא'ט אייך נאך א גאנצען לעבעל
וויסען ברייט צוגאב.

איהר האט פערד טאבונען גאנצע,
איך — האב איינעם נאר, —
איז ער מיעד, שוין צוגעשטאנען:
אזא צייט איך פאהר.

העי ציגיינער, שאטענס קומען,
שטארקער ווערט די קעלט. —
טייער, ביליג — נאך א רובעל
איז בא מיר קיין געלט . . .

## אבגענארט.

עס האבען אבגענארט מיך די ציגיינער,
א פערד א קראנקען מיר געגעבען.

א פערד א בלינדען, — זאָגט דאָס הארץ מיר:
ער וועט ביז מאָרגען ניט דערלעבען.

איך שלאָג איהם מיט א גרויסען שטעקען,
און ער ווי גאָרנישט, — שטעהט געבויגען.
גיט ווען ניט ווען דעם קאָפּ א טרייסעל,
א פינטעל מיט די בלינדע אויגען.

בין מיעד פון שלאָגען. שטעה איך. ווארט איך.
אזוי ווי ער דעם קאָפּ געביוגען . . .
און ער — מיר דוכט, ער קרימט די ליפּען
און גלאצט אויף מיר מיט זיינע אויגען . . .

רויטע טראָפּען.

וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען?
שוין ווידער איז נאכט.
מיין אונגליק — ער שטעהט זיך
מיט אויגען פארמאכט.

פון מויל רויטע טראפּען
זיי רינען אראָב . . .
איך טראָג איהם צו האָבער,
ער ריהרט ניט דעם קאָפּ.

איך הייב אויף דעם שטעקען
און גיב א געשריי:
און טראָפּען נאָך טראָפּען
זיי פאלען אין שניי . . .

אין בלוט מיינע הענט.

שטיל. האלבע נאכט. אויפ'ן הימעל קיין שטערען.
איך שטעה אויפ'ן וועג שוין פון שטונדען.
איך האָב אויפ'ן פערד שוין דעם שטעקען צובראָכען,
צושניטען די פעל איהם אויף וואונדען.

אויף יעטווידען קלאפּ אויף די מאָגערע ביינער
דערטראָגט זיך אנ'אָבקלאַנג פון ווייטען . . .
און פּלוצלונג האָט עמיץ דעם פערד אומגעוואָרפען,
אויף איהם אויפגעזעצט זיך צו רייטען . . .

א שטאַנג אויסגעריסען האָב איך פון דעם שליטען,
געשלאָגען דעם פערד אין די זייטען, —
ביז וואַנען א טויטער געבליבען איז יענער,
וואָס האָט זיך געזעצט אויף איהם רייטען . . .

### ווייס מיינע הענט.

טויט און שטיל.
שעה נאָך שעה.
ווער איז דאָ ?
איך בין דאָ . . .

אויפ'ן וועג
אין דער מיט
איז ווער טויט ?
קיינער ניט . . .

רויט דער שניי.
איך בין ווייס.
מיינע הענט —
שטיקער אייז . . .

וועל איך מיר
לאָזען גערן,
געהן צו פוס
און אליין . . .

קומט ווער אָן ?
קיינער ניט :
פאלשער קלאַנג,
פאלשע טריט . . .

טויט און שטיל.
שעה נאָך שעה.
איז ווער דאָ ?—
איך בין דאָ . . .

טאָג וועט זיין

מען יאגט דיך? — ניין,
מעגסט רוהיג געהן.

דו וועסט דאָך ווען
א סוף דערזעהן . . .

אויף זיך אליין
פערדריקסט די ציין, —

בעפריי זיך שוין
פון זיך אליין . . .

און טאָג וועט זיין,
און זונען־שיין . . .

אַ קוש.

טרעטענדיג אין טיעפען שניי
איז א שלאָף בעפאלען מיך.
ווי א קישען האָט דער שניי
מיך א ציה געטהון צו זיך.

זיך א נייג האָב איך געטהון
און געשטעלט זיך אויף די קניה,
נאָך אמאָל האָט מיך דער שניי
פאר די הענט געטהון א ציה.

זיך אוועקגעלייגט האָב איך
מיט אנ'אָבגעדעקט געזיכט,
האָט א לויכט געטהון אויף מיר
אזא שטראהלענדיגע ליכט.

זיך אהויב האָב איך געטהון
און געזאָגט: א גוטע נאכט . . .
האָט א קוש געטהון מיך ווער
און די אויגען מיר פערמאכט . . .

